# אלע
# שריפטען
— פון —
# ש. פרוג

דריטער באנד

פראזא און פאעזיע.

היברו פאבלישינג קאמפאני

83־85 קאנאל סטריט ניו־יארק.

1910.

# הומאָריכטישע ליעדער





# לכבוד התורה.

I.

ווי א כלה, ווי א בת-מלכה, אנגעטהון אין איהרע בעסטע, שעהנסטע קליידער, האט געשיינט די יונגע, אונשולדיגע וועלט, פינף טויזענד זעקס הונדערט ניין און פערציג יאהר צוריק.

ניט נאר דער וואונדער־שעהנער גארטען — דער גן-עדן, וואו עס האט פון אנפאנג געוואהנט דאס ערשטע פאר־פאלק, נאר אויך די גאנצע גרויסע וועלט האט געבליהט און געדופטעט ווי א פרישער בלומען־שטאק, בעלייכטעט פון דער גאלדענער זון, בעשפריצט מיט פרישען, זילבערנעם טהוי.

קיין איינציגער זיפץ האט זיך ניט געהערט אין דער לופט; קיין איינציגע טרעהר איז נאך ניט געפאלען אויף דער פרישער, בליהענדער, גליקליכער ערד.

אונטער די גרינע איילבערט-און ציטראנען־בוימער זענען געלעגען און געווארעמט זיך קעגען דער זון די גרויסע, פורכט־בארע לייבען און לעמפערטען, און נעבען זיי האבען זיך רוהיג געפיטערט הירשען און אינדען, פיה און שעפסען.

אויף די צווייגען פון די הויכע, שטאלצע צעדערן זענען זיך רוהיג געזעסען אין זייערע נעסטען, איינער נעבען דעם

יאָהרען פליהען, יאָהרען שוועבען...
ווי אַ שטראָם פון בארג אין פעלד
פליעסט די צייט דורך אונזער וועלט,
שוויינקט אראָב אין אונזער לעבען

קראַפט און יוגענד, גליק און נויט,
יאָמער, הערשאַפט און פערמעגען.
אַלע סטעזשקעס, אַלע וועגען
פיהרען, בריינגען גלייך צום טויט...

פיעל פיעל, פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אויף דער וועלט, איז שוין פערגעסען געוואָרען, אבער דער חוק פון דעם ליעבען שבת-קדש לעבט נאָך ביז איצט ביי יעדען יודען און דערמאָהנט אונז אויף מעשה-בראשית — אויף דעם זיבענטען טאָג, אין וועלכען דער אויבערשטער האָט געטהון רוהען און קלויבען נחת, קוקענדיג אויף דאָס, וואָס עס טהוט זיך דאָרט, אונטען, אויף זיין ליעבען וועלטיל...

און יעדען פרייטאָג זיצט דער בורא-עולם און קוקט אראָב פון אויבען אויף די וועלט, וואו זיין פאָלק-ישראל פראַוועט דעם ליעבען, הייליגען שבת...

אך, וואָס פאר אַ נחת עס איז צו קוקען!

מען קעהרט, מען וואַשט, מען רוימט, מען פילט די פיש, מען פעררוקט דעם טשאָלענט, מען איז מקבל-שבת, מען עסט אָב די ערשטע סעודה, מען שלאָפט זיך אוים, מען טרינקט אָב שבת-דיגען טהיי, מען געהט אוועק אין שוהל, מען דאַווענט אָב שחרית, מען נעהמט אוים, מען רופט אויף כהן אין מען הויבט אָן צו...
צו שלאָגען זיך איבער עליות!!!...

שטיל און רוהיג איז אין אלע גאסען... נאָר וואָס גלענצט עס און שײַנט דאָרט פון ווײַטען? אַ געוויש פון פליעגעל טהוט זיך הערען אין דער לופט... אַ גייסט, אַ געטליכער גייסט שוועבט און הויבט אָן אַראָבלאָזען זיך פון אויבען... זיינע ברייטע, ווייסע פליעגלען גלענצען אין דער פינסטער... דאָס לאַנגע שניי-ווייסע קלייד פלאַטערט אין דער לופט... פון זיינע לאַנגע גאָלדענע לאָקען, פון זיין ליכטיגען שטערען, פון זיינע אויגען — פון זיין גאַנצען אונשטערבליכען קערפּער ציהען זיך העלע, ליכטיגע שטראַהלען, בעשיינען און בעלייכטען אַרום איהם די פינסטערניש...

נידעריגער און נידעריגער שוועבט דער געטליכער גייסט און אַם ענדע לאָזט ער זיך אַראָב אויף דער הויפּט-שטאָדט פון לאַנד מצרים...

שטיל, לאַנגזאַם לאָזען זיך אַראָב און לעגען זיך צונויף אונטער זיינע אַקסלען די ברייטע, ווייסע פליעגלען, און שטיל און רוהיג הויבט ער אָן געהן דורך די גאַסען, פון הויז צו הויז, פון איין פּאַלאַץ צום אַנדערן...

ביי יעדען טויער, ביי יעדער טהיר שטעלט ער זיך אָב אויף איין אויגענבליק, הויבט אויף זיין רעכטע האַנד און מיט אַ פייערדיגען שווערד, פון וועלכען עס טריפען טראָפּענס בלוט, ריהרט ער זיך-צו צו די טהירען...

און דאָרט, וואו ער ריהרט זיך צו מיט דעם פייערדיגען שווערד, בלייבט אַ גרויסער דונקעל-רויטער פלעק...

שרעקליך זענען די פלעקען פון דעם שווערד! — דאָס זענען סימנים פאַר דעם מלאך־המות, וועלכער געהט טריט ביי

# III.

אָפּטמאָל, זיצענדיג אָוועגד-צייט איינער אַליין אין מיין צימער, דערמאָהן איך מיך אויף די אַלטע פערגאַנגענע יאָהרען, און פערשידענע ערינערונגען און בילדער פון מיין קינדהייט שטעהען אויף פאַר מיינע אויגען און יעדעס פּיצעלע זעהט אויס אַזוי דייטליך, אַזוי קלאָר, גלייך ווי דאָס וואָלט געוועזן מיט עטליכע טעג צוריק.

אַלע דריי שוהל־הויפען אין אונזער שטעדטעלע ליעגען פאַר מיר אויסגעשפּרייט ווי אַ טישטוך; יעדע באַנק, יעדער שטענדער שטעהען פאַר מיינע אויגען ווי לעבעדיגע; ובפרט אין אונזער שוהל, דאָס הייסט אין דער שוהל, וואוהין איך פלעג מיט מיין טאַטען ע״ה געהן דאַוונען, איז מיר בעקאַנט יעדעס ווינקעלע, טאַקע ווי דער פּסוק זאָגט: „ממזרח שמש עד מבואו״ — פון מזרח-וואַנד ביז דעם האַנד-פּאַס אין פאָרהויז. אויף פיעל גוטע גליקליכע שטונדען ערינערט מיך יעדעס ווינקעלע פון דעם אַלטען ליעבען ש׳הל׳כעל:

אָט דאָ — דערמאָהן איך מיך, בין איך געשטאַנען בעת עס האָט געזאָגט ר׳ הלל פּאַריצער ע״ה... איך געדענק... אַך, וואָס פאַר אַ חיות איז מיר געגאַנגען איבער אַלע אברים. מיט וואָס פאַר אַ פערגעניגען האָב איך, אַ פופצעהן־יעהריגער ווייסער-חברה׳ניק, געשלונגען יעדעס וואָרט, יעדען זיפץ און יעדען קרעכץ, וואָס האָבען געטהון אַרויסגעהן פון זיינע זיסע, באמת זיסע, מחיה׳דיגע לעפּצען

און אָט דאָ, נעבען ר׳ מרדכי אהרנ׳ס שטענדער, בין

און אַ קלאַפּערײַ; און יערעס מאָל, סײַ שבת, סײַ יום־טוב דווקא
בשעת לייענען — בשעת לייענען

די הייליגע תורה, דעם איינציגען שאַץ,
וואָס איז או.ז. געבליעבען פון אונזער פערמעגען;
די תורה'לע — וועלכע פון לאַנד און צו לאַנד
מיר האָבען געטראָגען אין ווינד און אין רעגען,
אין שטורם, אין האָגעל, אין היץ און אין קעלט,
— דער איינציגער אונזערער טרייסט אויף דער וועלט.

סכות — שטעל איך מיר פאָר — סכות אַ פּאָר טויזענד
יאָהר צוריק:

דער לעצטער גאַרב איז שוין אָראָבגעפיהרט פון פעלד;
דאָס לעצטע הענגעל ווייַנטרויבען איז שוין אָראָבגענומען געוואָ־
רען און אַריינגעבראַכט אין קעלטער; פון די הויכע בערג פון
אפרים ציהען זיך לאַנגע קאַראַוואַנען פון קעמלען און מוילאייז־
לען אָנגעלאָדען מיט גאַרבען און מיט פּירות; דורך דעם מדבר
עין־גדי, פון גלעד, פון דעם לאַנד דן און פון אַלע עקען, פון
אַלע זייטען געהען די עולי־רגל, שטאָדט און דאָרפס־לייט, זקנים
און קינדער, בחורים און בתולות, מיט געזאַנג און מיט פרייד,
צום באַרג ציון, צום בית־המקדש...

און דאָרט, אויף דעם באַרג ציון, אין דעם גרויסען פרעכ־
טיגען טעמפּעל, קניהען טויזענדער און צעהנ־טויזענדער פרייע
און גליקליכע יודישע קינדער, הערענדיג דאָס זיסע געזאַנג פון
לוים און די שטימען פון די הייליגע כלי זמר

דאָרט, אויף דעם הייליגען באַרג. שטעהט דער כהן־גדול
פאַר דעם מזבח, אויף וועלכען עס זענען געבראַכט געוואָרען

רבותים, שבועות ערגער פון סכות אָדער פון פסח, פין ראש־השנה, פון יום־כפור, און פין אַלע אַנדערע ימים־טובים? יודע־לעך זענען דאָ אויף גאָט'ס וועלט, קיין עין־הרע, ווי באָב, אַ תורה איז דאָ איין־איינציגע, עליות איז סך הכל ניט מעהר פון זיעבען, אַ נשמה האָט יעדערער, אַ יודיש האַרץ וויל, אַ האַנד איז דאָ, אַ באַק איז גלאַט און ווייך און וואַרעם, — איז בכן, פערשטעהט זיך שוין ממילא, אז עס מוז נולד ווערען אַזאַ מין זאַך, וואָס איז אי גלאַט, אי ווייך, אי וואַרעם... הייגט אַ פאַטש איז דאָך געגליכען צו אַ צוואַנג: „צבת בצבת עשויה״— איין פאַטש מאַכט דעם אַנדערן. חוץ פעטש זענען דאָ אויף דער וועלט קללות, זידלעריי, מי־שבירך'ס, הזכרת נשמות און אַנדערע „פרפראות״, וואָס פאַסען אויך גאַנץ גוט צום ענין... אַ קליין נינקייט אַ ביסעל! איז בכן שיטען זיך לכבוד התורה אזעלכע פערל, וואָס עס איז אַ קוויקעניש צו קוקען און צו הערען...

— „מאין באת? — שרייט נחמן קלעק צו בערל לעמעשקע, „אָטקודאָוואַ? אַ? דו קבצנ'יוזהע. שלעפער! דיר ששי? דיר? אַ פאָטשעמו? וואָס? האָסט איינגעלייגט אַ חלק? גענוג דיר אַ פּאַיאָק צו מנחה, אָדער טאַקע גאָר אַ פראָסטען פאָנ־דיעלניק, ביי די סאַפּאָזשניקעס אין שוהל... אַראָב פון דער בימה דאָלאָי!״...

און וואָס זאָגט בערל לעמעשקע?

בערל לעמעשקע זאָגט גאָר ניט, אָדער כמעט גאָר ניט! נאָר ביי איהם איז דער לשון אריין אין די ידים, איז... נו פערשטעהט איהר דאָך... ש'זאָגט מען זיך פסח צו טל, שמיני־עצרת צו גשם, שמחת־תורה צו הקפות, שבועות צו אקדמות,

עס שיטען זיך, גיסען זיך
חרמות און קללות
פון אָרון צום עמוד,
פון עמוד אין פּאָלעש,

פון פּאָלעש אין שוהל־הויף,
פון שוהל־הויף אין גאַס...
דאָס שטערטעלע הוריעט
און ברומט ווי אַ פאַס...

און אַט דאָס אַלץ — לכּבוֹד התּוֹרה!!!...



# דער שופר.

## (בילדער און געדאנקען)

---

### I.

פערטיפט אין מיינע טרויעריגע געדאנקען בין איך גע־שטאנען ערב יום כפור אין א ווינקעלע אין אונזער אלטען בית־המדרש. בליצנדיג, הונדערטע בילדער האבען געשוועבט איינס נאך דעם אנדערען פאר מיינע אויגען; איך קוק זיך איין אין די בליצנדע, הונדערטע בילדער און איך זעה. . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ישראליק מלמד...

איינגעהילט און איינגעוויקעלט אין א לאנגער וויקעל־בינד פון אלטע, אבגעבליאקירטע טליתים, אינטערגעלעגט צו קאפענס א זאק מיט אלטע צוריסענע „שמות" און איבערגעצויגען מיט א תפלה — ליגט א קליין מענשעלע, א קליינינקער, א דאריער און א בלייכינקער, וועלכער ווייזט אויס פון ווייטענס ווי א ווינ־קער. — אזוי קליין איז ער, אזוי שוואך... ער ליגט איינ־געבויגען, איינגעשריקען; די אויגען זענען צוגעמאכט, דאס מויל א ביסעל אפען... גרויסע טראפענס שווייס שטעהען אויף זיין שטערן; מיעדע. לאנגע קנייטשען ליגען איבערגעווארפען.

איינס איבער דעם אַנדערן, און ציהען זיך איבער דאָס גאַנצע פערשוואַרצטע און אויסגעמיטשעטע פּנים'ל. צייטענווייז טהוט ער עפּעס אַ ציטער מיט אַלע אבריםן אַ לאַנגער, טיעפער זיפץ געהט אַרויס בײַ איהם פון האַרצען; די דינינקע, בלייכע ליפּען הויבען אָן צו בעוועגען זיך, גלייך ווי זיי ווילען עפּעס אַרויס־ריידען און קענען ניט...

וואָס חלום'ט זיך דיר, אַלטיטשקער?

— „אַ בילד, אַ בילד פון אַלטע צייטען
שטעהט אויף פאַר מיר אין טיעפען שלאָף".

וואָס־זשע זעהסט דו, ישׂראליק?

„— איך זעה אַ בערג, אַ טהאָלען,
אַנ'אונבעקאַנטער אָרט...
איך הער טראָמייטען בלאָזען
און פּויקען קלאַפּען דאָרט...

איך הער בלי־זין קלינגען
פון אייזען, מעס און שטאָהל,
און טויזענד קולות הער איך
פון יעדען בארג און טהאָל.

פון מורח־זייט טהוט פליעסען,
ווי שטראָמען פון אַ בארג —
אַ שרעקליך־גרויסער חיל,
בעוואָפענט, בייז און שטאַרק...

ער נעהט, ער פליעסט פון ווייטען,
און שרעקליך איז זיין פלוס:
ווי נראָז, ווי מילבען אונטער
דעם שווערען העלפאַנד'ס פוס

אַזוי גליקליך; זייערע לאַנגע, געקרייזעלטע שוואַרצע האָר פלאַטערן אין דער לופט; אויף זייערע שטאַרקע הענד, אין וועלכע זיי טראָגן אַלערליי מינים כּלי־זין, ציהען זיך לאַנגע, גראָבע, אָנגעגאָסענע מיט בלוט, אָדערן, וואָס ווייזען אויף גרויסע און שטאַרקע כּחות... ווער זענען זיי?... ווער איז דאָס פאָלק, וועלכעס דער איצטיגער אַלטיטשקער און קראַנקער ישראל'יק זעהט אין חלום? — ער דערקענט זיי ניט...

— ישראלייק! ישראלייק! קוק זיך נאָר איין גוט, גוט קוק זיך איין אין זייערע פּנים'ער, הער זיך־צו צו זייער לשון... זעהסט? הערסט?... דאָס זענען דאָך זיי — דיינע עלטער־עלטער־זיידעס, דאָס זענען דאָך יענע אויסגעמוטשעטע פון דער שרעקליכער מצרים'דיגער אַרבייט, עבודת־פּרך, פערשוואַרצטע, פערבּיטערטע נשמות, וועלכע זענען געשטאַנען בּיי'ם בּאַרג סיני, געזעהען די גרויסע, פורכטבּאַרע וואָלקענס, געציטערט. הערענדיג די גרויסע, שרעקליכע דונערען און דעם הייליגען געטליכען קול פון „אויבען", פון דעם שפּיץ בּאַרג... דאָס זענען זיי — דיינע אָבות, וועמעס בּלוט פליעסט אין דיינע אָדערן, אין דיין האַרצען... דו דערקענסט זיי ניט? דו גלויבּסט ניט?... אַך! וועה צו דיר, ישראלייק! וועה און וויגד צו דיינע יאָהרען און טעג! דו קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, אַז אַזוי זאָלען אויסזעהען יודען ווען עס איז און וואו עס איז... און איך פערשטעה דאָס טאַקע גאַנץ גוט, וואָרום אַז עס וואָלט זיך דאַמאָלס, אַ יאָהר דריי טויזענד צוריק, וועמען ניט איז פון זיי געחלומ'ט אַזוי אַ מין יוד, ווי דו, אַזאַ מין בּריאה'לע, וואָלט קיינער פון זיי בּשום אופן ניט גלויבּען, אַז דאָס איז אַ יוד — אַז אָט אַזוי וועט אַמאָל, אַמאָל, חאָטש

אָן אזוי פיעל הארצוועהטאָג, אזוי פיעל עגמת-נפש, ווי דאָס אויסזעהן פון אַ יודען, זיין איינגעבויגענער רוקען, זיין אויס־געווייקטער פנים, זיינע דארע הענד, זיין איינגעפאלענע ברוסט און דער דונקעלער שאָטען פון פחד, וועלכער ליעגט אייביג אויף זיין גאַנצען געזיכט... אָט די אונרוהיגע, האלב פער־טראַכטע, האלב דערשראָקענע אויגען, וועלכע לויפען אהין און אהער, גלייך ווי זיי זוכען וואוהין צו בעהאלטען זיך, ניצול צו ווערען פון דער גרעסטער סכנה; אָט די בלייכע ליפען וואָס ציטערען, און זענען יעדען אויגענבליק מוכן ומזומן ארויסצורעדען: „אָט! אָט לויף איך!" — דער גאַנצער נפש, וואָס ווערט פער־ציטערט פאר יעדען בלעטיל, וועלכעס פאַלט אראָב פון בוים, פאַר יעדער פליעג, וועלכע טהוט אַ „זום" פאַרביי זיין אויהער— אָט דאָס גאַנצע גאָט'ס בעשעפניש אין וועלכען עס זענען דאָ ניט נאָר רמ"ח, צוויי הונדערט מיט אכט און פערציג, ניין, צוואַנציג טויזענד אברים, נאָר אָבער אי איינער ניט קיין גאַנצער — אָט דאָס יודעלע, אָט דער ישראליקעל מאַכט מיר אָן די גרעסטע וואונד אין הארצען... ביטער איז מיר צו הערען זיין לשון, דעם פינסטערען ווילדען זשארגאָן; אַ הארצוועהטאָג איז מיר צו זעהען. וואָס פאַר אַ ניעדריגע ראָלע ער שפּיעלט צווישען מענשען, ווי מען שטופּט איהם און מען שליידער־ט איהם אהין און אהער, ווי מען מאַכט פון איהם חוזק אויף יעדען טריט; נאָך מעהר פון דעם אלעם קרענקט מיך, קוקענדיג אויף איהם אליין, אויף זיין איינגעדאַרטען און איינגעקוואַרטען קערפּער... אַז איך קוק אויף זיין נאָז, פיהל איך, אַז אפילו דעם בעסטען מענשען מוז זיך ווען איהם אַ שנעל געבען; זעהענדיג, ווי ער וואַרפט אהין און אהער מיט די אויסגעמרי־

קענסטו קוקסטו פיסלעך, ווען איך שרייב, אז עס טוט זיך גע·
ליסטען אונטערשטעלן אויס א פיסעל... שוין איז גאר צו
נעמען דעם ערשטען שנעל. ווארום מען האט גאר מורא. ער
זאל נים געבען צוריק; אז מען וועט אבער האפּט אין מאל,
אז דאס אויסגעליקליכטע סמנסטעלע, האפּעגרינג דעם שנעל. פער·
רייסט די פּאָלעס און ווי א פייל פון בויגען איילט עס זיך אנטרונען
צו ווערען. אריינגעשפּרונגען וואוהין נים איז אין א לאך, אין
א שפּאלט, דאס־פאלט—א. דאס־פאלט צוברעכט זיך ערשט די תאוה
צו שנעלען. עס ווערט פּשוט א פערגעניגען. עס ווילט זיך, עס
גלוסט זיך שנעלען...

אך. ישראליק! ישראליק! ומה אני שואל מעמך — און
וואס פאדערט איך פון דיר? א שילד איף דיין איינגעשרומפּענעם
ברוסטעלע? א שווערד אין דיינע אויסגעדארטע הענטעלעך? ניין,
ישראליק. ביזוגר מאל ניין! — א מ ע נ ש זאלסט דו זיין,
א מ ע נ ש. פערשטעהסט. וואס איך מיין מיט די ווערטער?
אט דא, ישראליק, אין נאס, אויפן מארק, אויפן שול-הויף,
אין דעם שטעדטעל, וואו דו ביסט געבארען געווארען, אויסגע·
וואקסען, חתונה געהאט, געגעט זיך און ווידער חתונה געהאט
וכו' וכו'. — אט דא זאלסט דו האבען א פּנים פון א מענשען,
און נים פון קיין פליג, נים פון קיין שפּענדיל, נים פון קיין
פעדער, וועלכע פליהט. וואוהין מען בלאזט עס... אט אויף
וואס איך בין מתפלל צו דיין ליעבען נאמען טאג טעגליך,
בשכבי ובקומי.

* * *

....א נעמליכער נייעס האט מיך אנידערגעשטעלט אין

אַ מהאָל, וועלכעם איז געווען פול מיט בּיינער, ער האָט מיך געטהין אַרומפיהרען איבּער׳ן טהאָל אַהין און אַהער און איך האָבּ געזעהן, אַז דאָרט זענען געווען זעהר פיעל בּיינער, און זעהר טרוקען זענען זיי געווען, און דער גייסט האָט צו מיר געזאָגט:

— „ווי מיינסט דו, מענש, קענען וויעדער לעבּעדיג ווערען די בּיינער?"

— „גאָט! — האָבּ איך געענטפערט — דו איינער קענסט דאָס וויסען..."

יאָ, רבּוש״ע! דו איינער ווייסט — זאָג איך צוזאַמען מיט דעם נביא — איין גאָט ווייסט, אויבּ עס וועלען אַמאָל לעבּעדיג ווערען אָט די אויסגעטריקענטע, אויסגעדאַרטע רמ״ח אברים, פון וועלכע ס׳איז צונויפגעשטעלט, און קוים, קוים וואָס ער האַלט זיך, דיין אונגליקליכער, אַלטער יתום, ישראל׳יק... רבּוש״ע! דיין ליעבּער קנעכט דוד המלך האָט פיעל ליעדער געזונגען, זיצענדיג אויף זיין גאָלדענעם כסא־המלוכה אין זיין שענעם שטאָלצען פּאַלאַץ... הער־זשע זיך צו איצט צו איינעם פון יענע ליעדער, צו איין קאַפּיטעל תהלים, וועלכעס ישראל׳יק זאָגט אין דעם חודש אלול, יעדען טאָג; הער זיך איין, גאָטעניו, ווי ער טייטשט תהלים:

„...בקרוב אלי מרעים... אַז עס וועלען צוקומען נאָהענט צו מיר מיינע פיינד, לאכול את בשרי — צו עסען מיין לייבּ... אם תחנה עלי מחנה — אַז עס וועט אַ גאַנצעס פאָלק פון יודענ־פרעסער מיך אַרומרינגלען — לא יירא לבי — וועט מיין האַרץ פאַר זיי קיין פורכט ניט האָבּען... וואָרום וואָס? איהר ווילט שונאי ישראל, מיין פלייש עסען? פ ל י י ש ווילט איהר? מכּות!

נאָר דו ביסט מיר איינער
נעבליבען אין לעבען
פון אייביג ביז אייביג,
מיין שילד און מיין זעגעל —
בעהיט און בעשיץ מיך
פון שאַנר און פון שפּאָט!

---

## II.

אַ, ישראלי׳יק האָט זיך אויפגעחאַפּט פון שלאָף!... איהר זעהט?... זיינע אויהער׳ן האָבען דערהערט פין ווייטענס די היילינע שטימע פון דעם אלטען שופר, וועלכע ער הערט יעדעס יאָהר אַ גאַנצען חודש נאָכאַנאַנד... איהר זעהט? — ישראל׳יק איז מיט אמאָל לעבעדיג געוואָרען! — אַלע זיינע אויסגעדאַרטע, אויסגעמוטשעטע גליעדער בעוועגען זיך עפּעס גאָר מיט אַנ׳אַנדער חשק, מיט אַ לעבעדיגקייט... ער גיעסט אָב נעגעל-וואַסער און לויפט, לויפט, ווי אַ פייל פון בויגען, אין שוהל אַריין... אָט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביי׳ם שטענדער, איבערגערעקט דעם טלית איבער׳ן קאָפּ... די גאַנצע גרויסע וועלט איז שוין פערשוואונדען פון זיינע אויגען... ניטאָ פאַר איהם קיינער — ניט קיין פריינד און ניט קיין פיינד, ניט קיין אייגענער און ניט קיין פרעמדער, ניט ברידער, ניט שוועסטער, ניט ווייב, ניט קינד... ער שטעהט ביי׳ם שטענדער, איינגעבויגען דעם קאָפּ איבער דעם אַלטען, צוריסענעם און פערשמוצטען מחזור... אין די אויהערן רוישען און ברומען ביי איהם הונדערטער קולות... אין קאָפּ זומט ביי איהם ווי פון גאַנצע סטאַיעס ביענען... דאָס האַרץ פערקלעמט איהם עפּעס מיט אַ שרעקליכען, טיעפען

בעדעקט מיט קברים און מצבות, קומט צופליעהען דער קול, און עס וואַכען אויף פון שלאָף, פון דעם אייביגען, טיעפסטען טויטען שלאָף יענע, וועלכע זענען שוין אָבגעקומען די טרויעריגע וועלט מיט דעם נאַרישען לעבען, וועלכע הערען שוין ניט און זעהען שוין ניט פון אַלץ, וואָס עס טהוט זיך אויף דעם נאַרישען וועלטיל...

דער אַלטיטשקער שטעהט איינגעבויגען איבער דעם מחזור, אָבער ער זעהט שוין ניט, ער דערקענט שוין ניט די אַלטע הייליגע ווערטער... פאָר זיינע דונקעלע, פערוויינטע אויגען ציעהען זיך בערג און טהאָלען, טייכען און פעלדער... ארום און אַרום פון אַלע זייטען איז נאַכט, אַ געדיכטע, שוואַרצע פינסטערניש בעדעקט די גאַנצע וועלט... נאָר ערטער־ווייז, דאָ און דאָרט זעהט ער, צינדען זיך אָן איינס נאָך דעם אַנדערן, קליינינקע גאָלדענע פייערלעך... העלע רויטליכע פונקען בלישטשען אין דער פינסטער... און דאָרט וואו עס צינדען זיך אָן די קליינינקע, גאָלדענע פייערלעך, שטעהען אויף פון דער ערד ווייסע, בלייכע שאָטענס... זיי הויבען זיך אויף פון זייערע טיעפע, פינסטערע, קאַלטע קברים, הערען זיך-צו צו דעם קול פון שופר און הויבען אָן אַרומצושוועבען אין דער פינסטער... זייערע אויגען עפענען זיך אויף, אויף די בלייכע באַקען הויבט אָן צו שפּיעלען אַ לעבעדיגע, רויטליכע פאַרב, די טויטע בלויע ליפען ציטערן און בעווענגען זיך מיט אַ פרעהליכען, גליקהאַפטען שמייכעל...

אָט שוועבט אַ גרויער, אַלטער מאַן... פון דעם באַרג נבו, פון דעם שפּיץ פסגה הויבט זיך אויף דער גרויער, אַלטער

מאַן מיט די צוויי שטיינערנע לוחות אין איין האַנט און מיט דעם מטה אין דער אַנדערער.

אַנטקעגנען דעם פֿאָלק מאַן מיט די לוחות אין דער האַנט שטייען פֿראָנט פֿון די בערג פֿון אפֿרים דער צווייטער פֿאַר־שטייער און פֿירער פֿון דעם פֿאָלק ישׂראל, דער צווייטער פֿון משה־רבינו — יהושע־בן־נון...

און הינטערן דעם קול פֿון שופֿר שטייען אויף פֿון ווייטע קברים אַלע גבורי־חיל. אַלע, וועלכע האָבן געהערשט איבער דעם פֿאָלק און געפֿירט זײַנע מלחמות אַנטקעגן זײַנע פֿײַנד... אָט שטייען די אשה־נביאה, דבורה, וועלכע איז אײַנגעשלאָפֿן ווי אַ לײב. שטאַרק און פֿרײַמוטיג. האָט געשטאַרקט די איבער־געשראָקענע הערצער. געקרעפֿטיגט די אײַנגעשלאָפֿענע הענט, באַוואָפֿנט זיי מיט כּלים און אײַנגעטעמט אײנעם פֿון די גרעסטע שונאי ישׂראל — דעם קעניג פֿון כּנען... אָט שוועבט דער גרויסער העלד, שמשון הגבור... אָט פֿליהט יפֿתח הגלעדי... אָט הערט זיך אויף דער גרויסער מתתיהו הכּהן־גדול מיט זײַנע זין, די העלדן... און נאָך הונדערטער און טויזנטער גבורים שטייען אויף פֿון ווייטע קברים און פֿליהען, שוועבן, לויפֿן...

דער קול פֿון שופֿר האָט פֿון מיטן,
פֿון מיטן שלאָף ווי אויפֿגעוועקט;
סע נייט שטיין און געווינט
די בײַנער ווײַטע בעדעקט.

בעגריסט מיט פֿרייד די בלייכע באַקן,
די בלינדע אויגן אויפֿגעמאַכט;
די קאַלטע הערצער אָנגעטאָפּט
מיט נייע קראַפֿט און נײַע מאַכט...

„— שטעהט אויף! שטעהט אויף, איהר כהנים, נביאים!“ —
העה׳ט זיך א בת־קול אין דער לופט;
„— שטעהט אויף! די צייט איז שוין געקומען
דער קול פון שופר קלינגט און רופט“!...

די באליכע, הייליגע שאָטענס שוועבען פון אַלע זייטען, פליהען זיך צונויף צום באַרג נבו, צו דעם אָרט, וואו עס איז געקומען אין זיין רוה דער גרעסטער פון אַלע נביאים, דער שטאַרקסטער פון אַלע העלדען און דער העכסטער פון אַלע חכמים — משה־רבינו... די שאָטענס שטעהען גרייט און פאַרטיג צו געהן, צו לויפען אהין, וואוהין עס וועט זיי בעפעהלען דער גרעסטער און דער הייליגסטער פון זיי... זיי וואַרטען צו דערהערען זיין שטימע פון דעם באַרג... נאָר אין גיכען אָבער ווערען זיי פערציטערט דערהערענדיג פון אויבען, פון דעם ראש־הפסגה, א טיעפען, טיעפען זיפץ און א קול פון א ביטערן גרויסען קלאַג:

„— וועה, וועה צו דיר, אונזער מוטער רחל! וועה צו דיינע אומגליקליכע קינדער!... צו פריה זענען מיר אויפגע־שטאַנען... צו פריה! אך, דאָס איז ניט יענער שופר, אין וועלכען עס בלאָזט דער העלד צונויפרופענדיג זיין חיל אויף דער מלחמה... ניין! דאָס בלאָזט אונזער פעריאָמערטער קראַנקער, דערשראָקענער ישראליק אָבצוטרייבען פון זיך די מזיקים, וועלכע חלומ׳ען זיך איהם אין זיין שלאָף, אין זיין דונקעלען, פינסטערען לעבען... מזיקים! שדים! חלומות! פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען צו דיר, מיין פאָלק, מיין אומגליקליך, פערדאָרבענעם פאָלק?! איך, משה, דיין בעפרייער און דיין לעהרער, מיט אַלע כוחות, מיט אַלע מיינע קרעפטען

האָב איך דיך געלערנט צו קוקן אויף זיך און פרום זיך. אויף די וועלט און אויף דאָס לעבן מיט ליכטיגע, ניכטערע, קלוגע אויגן. נים צו גלויבן אין קיין חלומות. אין קיין מופתים און שדים... דערנאָך מאָל האָב איך דיר געזאָגט: מיין פאָלק! האָב מורא נאָר פאַר גאָט. פאַר דעם איין און איינציגן. גרויסן. לעבעדיקן גאָט. וועלכער האָט בעשאַפן הימעל און ערד. בעטן און אָנבעטן נאָר פון דיינעטוועגן — דו וואָלסט אָבהיטען און מקיים זיין זיינע הייליגע געזעצן. וואָלסט געהן אין זיינע גליקליכע וועגן. פירן גוטס און רעכטשאַפענעס און נים האָבן קיין פחד פאַר קיינעם, נים פאַר קיין לעבעדיגען, נים פאַר קיין טויטן... און בשעת אז עס וועט קומען אויף דיר א צרה, אַן אומגליק, וואָלסט דו שטעהן פעסט, שטאָלץ און רוהיג אויף דיין אָרט, וואָלסט אויף איין אויגענבליק נים פערגעסן, — ווער איז דיין גרעסטער שונא, דער נייצייטיגער עמלק, דער אנטיסעמיט. וואו ליגען די אורזאַכע פון דעם אומגליק. וואָס איז אויף דיר געקומען. כדי דו וואָלסט יעדע רגע זיין אימשטאַנד צו שטרייטן מיט איהם. צו בעשיצען דיין קערפּער און דיין האַרץ. דיין גוף און דיין נשמה, דיין תורה און דיין אלטען, גרויסען כבוד. דעם נאָמען, וועלכען דו האָסט בעקומען אויף דער וועלט, צווישען אַלע פעלקער!... וואו איז דיין ליכטיגער זינען? וואו זענען דיינע פרייד. לעבעדיגע געפיהלען? וואו איז דיין קראַפט און דיין כוונה. דיין האָפנונג און דיין גלויבען?... וועה, וואָס איז פון דיר געוואָרען. וואָס פאַר א פנים האָסט דו בעקומען, זינט דו האָסט פערגעסען מיין בעפעהל, האָסט פערלאָזען מיין צוואה, האָסט אָנגעהויבען צו בלאָנדזשען אין דער פינסטער. ווי די פלעדערמייז. שרעקען זיך פאַר יעדען שאָרך, פאַר יעדען

שושק, וואָס דערהערט זיך דיר אין דער פינסטער... שדים חלומ'ען זיך דיר, מזיקים, חלומות, וואָס זענען ניט געשטויגען, ניט געפלויגען, דו בלאָנדזשעסט אין פערבלענדעניס, ליעגסט אין הינער־פלעט. ציטערסט פאַר דעם, וואָס איז ניטאָ, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען און וועט ניט זיין, און זעהסט ניט די עכטע אורזאַכע פון אלע דיינע צרות, פון אלע דיינע שמערצען און אונגליקען... מיין פאָלק! מיין אונגליקליכעס פאָלק..."

הייסע, ביטערע טרעהרען גיעסען זיך ביי ישראל'יקען פון די אויגען... אין שרעק און אין ציטערניש קוקט ער זיך איין אין די דונקעלע, הייליגע בילדער, הערט זיך איין אין דעם קול וואָס געהט פון דעם באַרג נבו:

„צוריק, איהר אלטע, טויטע העלדען!
„צוריק, אין אייער רוה־אריין!
נאָך לאנג אין קבר דארפט איהר ליגען,
פיעל יאָהרען וועט נאָך פינסטער זיין...

„פיעל צייט וועט נאָך פערגעהן, ביז וואַנען
עס וועט בעשערט זיין אונז צום סוף
דערהערען יענעם שופר, וועלכער
וועט אונז שוין אויפוועקען פון שלאָף —

„צו ליכט און קראַפט, צו מוטה און לעבען
צו נייע פרייד און נייעם גליק...
נאָר איצט... דערווייל — צוריק אין קבר!
צוריק! צוריק!..."

און אַ גרויסער, שרעקליכער קלאַנג פון הונדערטער קולות טהוט געהן אין דער פינסטער איבער די בערג און טהאָלען,

פון אייביג ביז אייביג
מיין שילד און מיין זענעל,
דו שטארקער, דו גרויסער,
אלמעכטיגער גאָט!..."



הייס און ערנסט איז ישראל'יק'ס תפלה... פון דעם טיפען הארצען רייסען זיך ארויס די ווערטער; אין אלע אברים זיינע גליהט א גרויס, הייליג פייער פון ליעבע צו גאָט און פין האָפ־נונג אייף זיין הייליגען נאָמען...

אַך, ישראלייק, ישראלייק! מען האָט אָבגעדאַווענט נעילה און מעריב... מען האָט זיך מיט גאָט'ס הילף אָבגעפאַסט און אָבגערוהט; הושענא־רבה, שמיני־עצרת, שמחת־תורה זענען זיך אַוועקגעגאַנגען איינער נאָך דעם אנדערען, און איצט... איצט...

נאָר — נענוג! איך וועל ניט ריידען פון דעם ווי אזוי דו זעהסט אויס איצט און ווי דו וועסט אויסזעהן די גאַנצע צייט ביז איבער אַ יאָהר ערב יום־כפור... ליעב ביסט דו מיר געווען אָט אזוי ווי איך האָב דיך געזעהן איבערגעדעקט מיט דעם טלית און איינגעבויגען איבער דעם מחזור... וויין־זשע, ישראלייק, וויין! שריי צו דעם בורא! זשאלעווע ניט קיין כוחות, שריי, וויין, בעט איהם רחמים... אפשר... אפשר וועט ער זיך שוין טאַקע דערבאַרעמען אויף דיר, אויף דיין קראַנקען, אלטען, עלענדען קאָפּ...



# דאס ביסעלע בוימאייל.

## (בילדער און געדאַנקען).

.I

פיעל טעג, פיעל וואָכען און חדשים זענען פערגאנגען, זינט עס האָט זיך געענדיגט די גרויסע שרעקליכע מלחמה. און איף דעם הייכען טהורעם פון מצודת־דויד האָט זיך אויפגעהייבען און געבליעבען שטעהן הויך און שטאָלץ אין דער לופט, די פאָן פון אנטיוכוס מלך יון...

קיין איינציגער מזבח האָט זיך ניט גערויכערט, קיין איינ־ציגער קרבן איז ניט געבראַכט געוואָרען אין דער גאַנצער צייט; פערשטערט זענען געוואָרען די שבתים און די ימים־טובים; די כהנים האָבען אויסגעטהון זייערע הייליגע קליידער, די לוים האָבען פערלאָזען זייערע כלי־זמר, זייער הייליגען דינסט אין גאָטס הויז; אנגעטהון אין זאַק און בעשאָטען די קאָפּ מיט אש, זענען געלעגען יונג און אַלט איף די קברים פון די נביאים, נעבען די איבראָכענע מזבחות, געבראָכען די הענד, געשוויינט און געשריען צו דעם בורא־עולם... נאָר אומזיסט איז געווען זייער געבעט, אומזיסט האָבען זיך געגאָסען זייערע טרעהרען!...

ווי אַ סמאַיע הוישריקען, וואָס בעדעקט אַ פעלד, זענען געגאַנגען די חילות פון אנטיוכוס איבער דאָס לאַנד. פון שטאָדט

צו שטאָדט. אויף יעדען מאַרק, אויף יעדער גאַס האָבען זיי געבויט מזבחות און מיט שווערד אין דער האַנד, מיט אייזען און מיט פייער געטריבען דאָס פאָלק מקריב צו זיין קרבנות צו זייערע שטיינערנע און הילצערנע אָבגעטער...

און דאָס פאָלק, דאָס דערשראָקענע און פערמוטשעטע פאָלק, איז געגאַנגען, געלאָפען צו די מזבחות, געקניעט און געבוקט זיך צו די אָבגעטער... אויף יעדער גאַס, נעבען יעדען הויז, האָט געפלאַקערט אַ מזבח... די ספרי־תורות האָט מען געריסען אויף שטיקער און געוואָרפען אויף די מזבחות, אויף וועלכע עס האָבען זיך געסמאַליעט און געבראָטען חזרים און אַנדערע טמא'דיגע חיות...

יעדען חודש פלעגען אָנקומען די חילות פון אַנטיוכוס, און דעם, ווער עס האָט ניט געוואָלט טהון זייער בעפעהל, האָבען זיי געטויט... די מוטערס, וועלכע פלעגען זיך ערוועגען מל צו זיין זייערע קינדער, האָט אַנטיוכוס בעפעהלט טויט צו שלאָגען: פאַר זייערע אויגען פלעגט מען אויפהענגען זייערע אונשולדיגע קינדערלאַך, שטעכען און שניידען זיי אויף שטיקלעך...

פיעל יודישע פרויען זענען געפאַלען פון דעם שווערד פון אַנטיוכוס; פיעל נפשות, אַלטע און יונגע, האָבען ליעבער דעם טויט גענאָסען, איידער צו פאָלגען דעם רשע, אום צו בלייבען געטריי דעם איינציגען, גרויסען גאָט און זיין הייליגער תורה...

---

## .II

בענאָסען מיט דעם שיין פון דער ליכטיגער און וואַרעמער

זיך און פריילעכע־ניגונים מיט פאלמען און אילבערט־צווייגער.
שפעטער איז דעם בשעת מודיעית דאס קליינע, שטילע שטעטעלע. וואו עס וואוינט דער כהן־גדול מתתיהו מיט זיינע פינף זין: יוחנן, שמעון, יהודה, אליעזר און יהונתן.

שטיל און רוהיג איז געזעסן אין דעם קליינעם שטעטעלע פיל יאָהרען נאכאנאנד. ביז עס איז געקומען דאס גרויסע אומגליק אויף דאס גאנצע לאנד און האט פערהאפט אויך דאס רוהיגע, שטילע, שטעטעלע. ווען דער שטורם רייסט ארויס מיט די ווארצלען די גרויסע, שטארקע, הונדערט־יעהריגע בוימען — קען דען בלייבען שטעהן דאס קליינינקע, שוואכינקע קירשען־בוימעלע!

א גאנצע מחנה יונים (גריעכען) מיט זייער קאמאנדיר האבען פערנומען אלע גאסען. און מיטען שטעטיל, אויפ'ן מארק, שטעלען זיי א מזבח אנגעגרייט צו ברענגען א קרבן די גריעכישע אפגעטער.

„געהט! געהט! — שרייט דער שר פון די יונים: קניעט, בוקט זיך צו אונזערע געטער, צו די געטער, פאר וועלכע עס קניעט אויך מיין גרויסער, שטארקער קעניג אנטיאכוס! ווארפט אוועק אייער גאט, וועלכער האט אייך פערלאזען און איבער־געגעבען אין אונזערע הענד, ווארפט אוועק אייער תורה, דורך וועלכע איהר האט איבערגעטראגען אזוי פיעל צרות, שלעג און שמערצען... אייער בית־המקדש איז פוסט. אייערע פאלא־צען פערוויסט. אייערע אוצרות בערויבט, טויזענדער און צעהנ־טויזענדער נפשות זענען געפאלען פון אונזער שווערד: דאס גאנצע לאנד איז געווארען ווי איין גרויסער בית־עלמין בעדעקט

מיט קברים, און וואָס אַ טאָג פאַלען אַלץ נייע און נייע נפשות, פערגעהען פון הונגער, פון נויט, און שמערצען... און אין דעם נאָמען פון מיין קעניג, דעם גרויסען, שטאַרקען אַנטיוכוס, וועלכען עס זענען אונטערטהעניג צעהנדליגע פעלקער און פאַר וועלכען עס ציטערט די גאַנצע וועלט. אין זיין נאָמען זאָג איך אייך"...

אין דער מינוט האָט זיך דאָס פאָלק צוטהיילט אויף ביידע זייטען, דורכלאָזענדיג צום שר אַן'אַלטען גרויען מאַן...

„— דער כהן... דער כהן־גדול געהט"... האָט זיך דער־הערט פון אַלע זייטען...

אָנגעטהון אין בגדי שרת, אין די הייליגע קליידער, מיט דעם חושן־ואפוד אויף דער ברוסט, מיט דעם מצנפת און דעם ציץ איפ'ן קאָפּ, איז צוגעגאַנגען צו דעם שר דער אַלטער גרויער מתתיהו.

זיין לאַנגעס, שניי־ווייסעס האָר און זיין גרויע באָרד האָבען געגלאַנצט אין דעם שיין פון דער זון; זיינע באַקען זענען געווען בלאַס און דער גאַנצער קערפּער האָט אויסגעזעהען מיעד און אָבגעשלאָפט, נאָר אין די אויגען האָט געגליהט אַ הייסער פייער פון פערבאָרגענעם צאָרען און איבער זיינע בלייכע ליפּען איז צייטענווייז איבערגעלאָפען אַ ציטערניש ווי ביי אַ מענשען, וועלכען עס האַפּט דורך די קעלט אין אַ גרויסען פראָסט...

„— מתתיהו!" — האָט זיך געווענדעט דער שר צו דעם אַלטען כהן — „דיין קאָפּ איז בעדעקט מיט גרויע האָר און מיט דעם הייליגען מצנפת, און אויף דער ברוסט ליעגט די

הייליגע, ניטמעגליכע רופונג; הער־אויס מיינע רייד; צו דיר, צו דיין פערשטאנד ווענד איך מיך אצינד מיט מיינע ווערטער!

„האב רחמנות אויף דיך, אויף דיין הויזגעזינד און אויף דיין פאלק, וועלכעס וועט דיר פאלגען און טהון אלץ, וואס דו וועסט בעפעהלען. דער גרויסער שטארקער קעניג אנטיוכוס מלך יון רעדט צו דיר מיט מיינע לעפצען: געהער צו דעם מזבח און ברינג דעם קרבן, וועלכער...

„— ניין! — האט א געשריי געטהון דער אלטער מתתיהו — ניין! איך וועל ניט צושטערען צו דיין מזבח, איך וועל ניט קניען פאר דיינע שטיינערנע, שטומע און טויטע אבגעטער! איין גאט איז דא אויף דער וועלט, איין איינציגער, דער גרויסער שטארקער גאט, וועלכער האט בעפרייט מיין פאלק פון קנעכט־שאפט, בעהיט און בעשיצט פון פריהערדיגער אומגליקען! צו איהם, צו דעם אין־איינציגען, גרויסען, שטארקען, ליעבען גאט הויב איך אויף מיינע הענד... הימעל און ערד, בערג און טהאלען! זייט מיינע עדות, הערט מיין גרויסע, מיין איינציגע שבועה: מיט מיין גאנצען הארצען, מיט מיין פערשטאנד, מיט אלע געפיהלען און געדאנקען, מיט יעדען גליעד, יעדער אדער, ביז דעם לעצטען טראפען בלוט, ביז דעם לעצטען אויגענבליק וועל איך דינען דעם איינציגען גאט, דעם גאט פון מיינע עלטערן, צו איהם וועל איך שטרעקען מיינע הענד, צו איהם וועט זיך ציהען מיין הארץ, צו איהם, צו זיין גרויסער איבעריגער מאכט און הערליכקייט וועט פליהען מיין נשמה. פאר איהם וועלען זיך גיסען מיינע טרעהרען!... און דו, מיין פיינד און דער פיינד

פון מיין פאָלק, וואָס דו ביסט געקומען מיט אייזען און פייער אין אונזער לאַנד, האָסט צושטערט אונזער היילינגטהום, בערויבט אונזערע הייזער, אַלט און יונג, פרוי און קינד געשעכט מיט דיין שווערד, איך שטעה פאַר דיינע אויגען שטאָלץ און קרעפטיג! איך וועל ניט צוטרעטען צו דיין אונריינעם מזבח! איך וועל מיך ניט צוריהרען צו דיין קרבן. איך וועל מיך ניט בוקען צו דיינע געטער... איך פערהאַס דיך, דיין קראַפט און דיין צאָרען... איך...

„— שווייג!! — האָט אויסגעשריען דער שר, חאַפּענדיג זיך צו זיין שווערד — „שווייג! פאַר דיינע רייד וועט דיר בע-צאָהלט ווערען אין גיכען... נאַר, שטעה, וואַרט אויס... אָט באַלד וועסטו זעהען ווער פון אונז איז שטאַרקער... מיינע גבורים! ציהט אַרויס אייערע שווערדען, רינגעלט אַרום דאָס פאָלק פון אַלע זייטען... נו, און איהר — האָט ער זיך גע-ווענדעט צום פאָלק — איהר, פערשאָלטענע קנעכט! נעהענטער, נעהענטער צום מזבח! קניעט, בוקט זיך! קושט די שטיינער, וועלכע ליעגען דאָ פאַר איך... נו!!...“

הערענדיג די בייזע, שרעקליכע ווערטער, דערשראָקען און פערציטערט — איז צוגעגאַנגען איינער פון די איינוואָהנער צו דעם מזבח... זיין קאָפּ האָט זיך איינגעבייגען, און, ציטערנ-דיג מיט אַלע אברים, איז ער געפאַלען אויף די קניע...

„— האַללאָ! — האָט אויסגעשריען דער שר מיט פרייד.

„— האַללאָ!!!“ האָבען געענטפערט הונדערט קולות פון דעם חיל...

ווי א דונער, וואָס וועקט-אויף הונדערטע ווידער-קלאַנגען פון בערג און טהאָל, איז געגאַנגען דער אויפרוף פון דעם אַלטען, גרויען מאַן איבער די שטעדט און דערפער. פון הויז צו הויז... איינער נאָך דעם אַנדערן זענען אויפגעשטאַנען, אַלט און יונג, גרוים און קליין; שטאַרקע און גרויסע מחנות-חיל האָבען זיך צונויפגעקליעבען אַרום מתתיהו און זיינע פינף זיהן די גבורים... אויף טויזענד פונקטען האָט זיך פון דאָס ניי פערקאָכט די מלחמה...

ניט איין טאָג, ניט צוויי האָט געדויערט, גאָר דער נצחון איז געגאַנגען טריט אויף שריט נאָך דעם אַלטען כהן און זיינע פינף זיהן און... פיעל טעג זענען נאָך פערגאַנגען, פיעל בלוט איז נאָך פערגאָסען געוואָרען ביז עס איז געקומען דער גרויסער, הייליגער גליקליכער טאָג — כ"ה כסלו!!...

די גאַנצע וועלט האָט געקלונגען מיט דעם נאָמען פון דעם גרויסען העלד, יהודה המכבי. זעקס שטאַרקע העלדען מיט זייערע חילות זענען געפאַלען פון זיין האַנד; פיעל אַנדערע גבורים מיט זייערע חילות זענען צושטערט געוואָרען פון די איבריגע פיער זיהן פון מתתיהו — און גאַנצע הונדערט יאָהר האָט דאָס לאַנד ישראל אָבגעלעבט שטיל און רוהיג, בעפרייט און בעשיצט פון שרעק און שמערצען...

---

III.

אָט וואָס פאַר א בילדער און סצענעס טראָגט אין זיך דער זכרון פון א פאָלק. ווי עס דאַרף זיך, בדרך הטבע, פיהלען




קומען אין בית־המקדש אריין, איז מען געקומען, און מען האָט — ע־ע־ע... האָט מען — ע־ע־ע ווידער אויפגעבויט דעם דאָס... דעם מזבח, מיין איך, און די מנורה מיט די... מיט... נו מיט אַלץ וואָס מען דאַרף און דערנאָך... דערנאָך איז..."

— נו, ישראל'יק, און דערנאָך איז וואָס געווען?

„— און דערנאָך! — טהוט זיך אַ חאַפּ ישראל'יק מיט אַ פלאַם־פייער אין די אויגען — דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען צו זוכען בוימאייל, אָנצוצינדען די מנורה, האָט מען ניט גע־פונען, האָט מען ווייטער געזוכט, איז אַז מען האָט ווידער גע־זוכט, האָט מען דערזעהן אין אַ ווינקעלע אַ קליין קריגעלע מיט בוימאייל, אַ ברעקעל קריגעלע מיט עטליכע טראָפּענס, איז האָט מען אריינגעגאָסען אין די מנורות אריין און מען האָט אָנגע־צונדען... איז געוואָרען אַ נס — דאָס קאַפּיטשקע בוימאייל האָט געברענט גאַנצע אַכט טעג!!!..."

— וואָס? סך־הכל אַכט טעג? ניין, ישראל'יק, ניין! דו האָסט אַ גרויסען טעות: דער נס איז געווען פיעל גרעסער — דאָס ביסעלע בוימאייל האָט געברענט מעהר ווי אַכט טעג... פיעל מעהר: עס האָט געברענט גאַנצע צוויי טויזענד יאָהר!

יאָ, צוויי טויזענד יאָהר האָט אונז געשיינט דאָס ליכט פון דעם ביסעלע בוימאייל, וואָס מען האָט קוים־קוים אָבגעזוכט אין אַ ווינקעלע, אין דעם ברויבטען, פערוויסטען טעמפּעל, און גליקליך, גליקליך זענען מיר וואָס אונזערע פיינד, וועלכע האָבען ביי אונז צוגענומען אַלע אונזערע אוצרות, האָבען אונז איבער־




טויזענד מאָל די אָבגעבּרענטע. אָבגעבּליאַקעוועטע. טייערע און הײליגע בּלעטלעך, אויף וועלכע עס שטעהט פערשריבּען די געשיכטע פון מתתיהו כהן־גדול! גליקליך איז דער קעניג וואָס שטאַרבּט מיט דער קרוין אויפ'ן קאָפּ.

ווי גרויס, ווי שען איז געווען אונזער וועג. וועלכען מיר האָבּען אָנגעהויבּען מיט משה־רבּינו און געענדיגט מיט יהודה המכּבּי! אָט דאָס הייסט — לעבּען אַ קעניג און שטאַרבּען אַ קעניג! קניעט פאַר די הייליגע קברים, אין וועלכע עס ליעגען אונזער גבורה און אונזער כבוד, אונזער רייכטהים און הערשאַפט, בּוקט זיך צו די טייערע מצבות, קישט דעם שטויבּ פון דער הייליגער ערד, און אויפשטעהענדיג ווידער אויף די פיס געהט ווייטער און ווייטער אין אונזער לאַנגען, שווערען וועג, פערגעסט נאָר ניט אויף דאָס בּיסעלע בּוימאייל... זוכט, זוכט אין אַלע ווינקעלעך פון אייער האַ־ץ, צינדט אָן יעדען טראָפּען פון דעם עכטען און ריינען גלויבּען, וועלכער האָט געבּרענט און געשיינט אין אונזער פינסטערען לעבּען! גלויבּען און וויסענשאַפט, האָפנונג און ליעבּע — אָט וואָס עס איז געווען אין דעם קליינינקען קריגעלע. וועלכער איז אונז געבּליעבּען נאָך דעם חורבּן פון אונזער בּית־המקדש...

אך, גיעס־זשע זיך, גיעס זיך,
דו הייליגעס בּוימאייל,
אין אונזער בּעטריבּטעס
פערוואונדעטעס הערץ
שטיל אַיין אונזער וועהטאָג,
צושטער אונזער צווייפעל,
פעריאָג אונזער טרויער,
פערהייל אונזער שמערץ!

# אבריעוועל.

## להקרעמער רב אבגד האדרעי.

---

ליעבער פריינד!

א דאנק אייך פאר אייער בריעוועל, אין וועלכען איהר טהוט מיר אן אזא גרויסען כבוד פאר מיינע אומעטיגע יודישע ליעדלעך. איהר ווייסט דאך אז אויף דער נארישער וועלט זענען דא צוויי זאכען, וואס האבען נאך א שטיקעל ממשות ביי יודען: געלד און כבוד. א ארימאן דארף געלד און א גביר דארף כבוד. — מיר ביידע, ווי עס זעהט אויס, זענען ניט פון די גרויסע גבירים —, געלד וואלטען מיר אודאי ביידע בעדארפט, אלא וואס? אז ניט געלד, טא זאל חאטש זיין כבוד.

איהר בעשרייבט, ווי שווער נעביך עס געהט אייך, קליינשטעדטילדיגע קרעמער. מיין ליעבער פריינד, אין קרעמעריי האב איך אויך א שטיקעל ידיעה.

גיט מיר, ברודער, אייער האנד
און הערט אויס מיין זמר.
זיין א קרעמער איז קיין שאנד;
איך בין אויך א קרעמער.
אין מיין קרעמיל איז דא אלץ,
וואס מען דארף צום האנדלען:
האניג, צוקער, פעפער, זאלץ,

אַט אַזוי געהט עס, ליעבער פריינד, אין מיין קרעמיל...

* * *

נאָר דאָס אַלץ איז דאָך, פערשטעהט איהר מיך, ווי מע זאָגט, נאָר מליצה. איך בין דאָך פאָרט נאָר אַ מחבר, און צווישען אַ מחבר און אַ קרעמער איז טאַקע אַ היבשער חילוק. ווי שווער געביך עס זאָל אייך ניט געהן אַ גאַנץ יאָהר, קומט אָבער אַ ערב יום־טוב, ווען עס לייזט זיך דאָך פאָרט אַ ביסעל אין קרעמיל. היינט ברית'ן, חתונה'ס, מאַרק־טעג, ובפרט אז ער פאָהרט נאָך אויף אַ ירידל'ל אייך... ביי אונז אָבער, ביי יודישע מחברים, איז דאָס אַלץ גאָר ניטאָ: ערב יום־טוב קויפט מען קיין ליעדליך ניט, אויף ברית'ן און חתונה'ס אודאי ניט, און ירידן... איך קאָן אייך זאָגען דאָס, וואָס עס דערצעהלט איינער מיינער אַ בעקאַנטער, אויך, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַ יודישער מחבר:

„איך — זאָגט ער — בין אַ מחבר שוין אַ היבש ביסעל יאָהרען; שרייב און דרוק, דרוק און שרייב און שטאַרב דריי מאָל אַ טאָג פאַר הונגער. אויף ירידן פאָהר איך ניט. נאָר אַ ידיעה אין דעם האָב איך. איך געדענק אַ יריד ביי יורען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען צוריק אַ יאָהר אַכצעהן: ס'איז גע־וואָרען אַ זידעריי, אַ קלאַפּעריי, אַ האַנדעל. יודעליך, זאָלען לעבען, האָבען זיך אַ יאָג געטהון אויפ'ן יריד פון אַלע זייטען... עס האָט געברענט, געפלאַקערט... טויזענדער יודישע נפשות זענען בדילי דל געוואָרען, פערלאָרען, ווי מען זאָגט, אי ממון, אי דמים, געזונד און לעבען, עטליכע אָבער האָבען יאָ אָבגע־

קרוב לארבעים און צוואַנציג יאָהר, די בעסטע יאָהרען פון לעבען און אַרבייט שטעהען שוין פון הינטען, און דו פיהלסט אַז ווען ניט די ביטערע נויט, וואָס זויגט אויס דעם מאַרך פון די ביינער, וואָלסטו געאַרבייט פיעל מעהר און פיעל בעסער (דאָס איז דאָך נאָך פיעל וויכטיגער) — אָט דאָ, ליעבער פריינד, הויבט־אָן דער מחבר מקנא צו זיין דעם קלענסטען קליינשטעדטילדיגען קרעמער אפילו"...



אָט אזוי, ליעבער פריינד, רעדט זיך אויס דאָס ביטער הארץ מיין בעקאַנטער מחבר. איך הער־אויס זיינע טענות, שאָקעל מיט'ן קאָפּ, זיפץ איהם צו, ווי געוועהנליך, העלפען קאָן איך איהם טאַקע נור מיט אַ זיפץ, נאָר טרייסטען טרייסט איך איהם דאָך:

— ליעבער ברודער! — זאָג איך — איך געדענק נאָך יונגעל־ווייז האָב איך פון אַלע בעסטע מתּנות אויף דער וועלט נעגלוסט נור צוויי זאַכען: קאָנען לשון־הקודש אזוי ווי ישעיה־הנביא און עסען אַזוי פיעל קאַנדעל־צוקער ווי אַהרקע אלי־בערס דעם קרעמערס... אַי, ישעיה'ס לשון־הקודש! אַי אלי־בערס קאַנדעל־צוקער!... ווי זים האָבען מיר אויסגעוויזען אָט די צוויי זאַכען!... אין אַ יאָהר דרייסיג אַרום האָב איך זיך אַרומגעקוקט און דערזעהן, אַז די קינדערשע תּאוה'ס האָבען זיך ביי מיר ניט איינגאַנצען פערענדערט: ישעיה־הנביא איז מיר אויך איצט ליעב ווי דאָס לעבען און קאַנדעל־צוקער... ווילט זיך טאַקע אויך.

ה. ת. ניט מעהר קאָנטראָליאָר, נאָר אַ שטיקעלע פון חוזק
לעבען פון עגמת-נפש. פון האַרצווייטאָג, פון קלערעניש
ווענען אַ שטיקעל ברויט אויף מאָרגען... אַך, דאָס קלערעניש!
עס נעהמט דורך לייב און לעבען ווי אַ פראָסט. פון וועלכען עס
ווערען פערפרוירען די בעסטע געדאַנקען, פערגליווערט די
שענסטע געפיהלען. און אפילו די טרעהרען פערלירען ווייער
היץ און ריינקייט — ביטער בלייבען זיי יאָ און שטעכען די
אויגען. אָבער די טרעהרען קאַלט און געהען ניט אַריין אזוי טיעף
אין האַרצען און מאַכען ניט דאָס פרעמדע האַרץ ווייכער און
וואַרימער... ליעבער ברודער! דו ווייסט, אַז איך פערשטעה
גאַנץ גוט ווי שווער נעבעך און ביטער דיר איז. נאָר וואָס זאָל
מען מאַכען? כי לכך נוצרת. וואָרים אויף דעם ביסטו דאָך —
זאָג איך — בעשאַפען געוואָרען אַ מחבר, דערפאַר אָבער האָסטו
כבוד: מען לייענט דיינע ביכלעך און מען לויבט דיך; יונגע לייט,
וואָס האָבען ניט וואָס צו טהון און שרייבען מעשהלעך מיט
טראַכטען, ווענדען זיך צו דיר און פרעגען עצות. אַז דו וועסט
דערלעבען דיין פינף-און-צוואַנציג-יאָהריגען יובילעאום, וועט מען
דיר איבערטראָגען אַ שענעם אַדרעס מיט אַ טינטער. דער
טינטער וועט זיין אַ לייזיגער אפילו, און מיטן וועסטו מוזען
קויפען פאַר אייגענע עטליכע גראָשען. דערפאַר אָבער כבוד,
ברודער. כבוד!... היינט ווער שמעקט איבער הונדערט מיט
צוואַנציג יאָהר אויף דיין לויה! — גאַנץ חברה-קדישא, אַלע
מטבילים פון דער שטאָדט, תלמוד-תורה-יונגען. דער ראַבינער...
אַ הספד, אַ פּאַראַד!... קהלישע תכריכים, אַ אָרט צווישען די
שענסטע בעלי בתים און אַ מצבה מיט אַ גאַנצען „מורחי" אויף
איהר — אַ קאַרטינע!...

ניין, ברודער־לעב, נים זיפץ, נים וויין,
זיי רוהיג און צופריעדען:
עס לעבט זיך שווער, — דערפאר ווי שעהן
און פיין בעגראבען יודען!...

— — — — — — — —

אט אזוי, ליעבער רב אבגד, טרייסט איך דעם אומגליקליכען יודישען מחבר. ווי איהר זעהט, איז פאר אונז דאס איינציגע אויף דער נארישער וועלט — כבוד, און דערפאר דאנק איך אייך טאקע פאר אייערע גיטע ווערטער איבער מיר און מיינע „ליעדעלעך“. גאט זאל אייך געבען געזונד און פרנסה.



# משיח'ס צייטען.

## די לעצטע קאפיקע.

(א באבע-מעשה).

---

I.

אין א געריכטן שטעטעל מיטן נאמען שמוינעוועקע, דארט וואו אמאל האט געוואוינט די לייבעלע פעלצעל זכרונו לברכה און וואו פון דעמאלט אן געהט נים דורך א יאהר אז עס זאלען נים געבוירען ווערען א זעקס-זיבען צווילינגם. — אין דעם דאזיגן בעריהמטען שטעטעל האט זיך געטראפען א גע-שיכטע, וואס כדאי צו דערצעהלען.

אמאל. אין א ליכטיגען שבתדיגען פריה-מארגען, איז מען געוואר געווארען, אז אין גאנץ שטעטעל איז נים געבליבען אפילו אן איינציגע מעשענע קאפיקע.

אין פלוג איז דאס נאר א ווילדע זאך. ווארום ווי געשיקט זיך, אז עס זאל ביי יודען נים בלייבען אפילו א קאפיקע!

אמת, עס טרעפט זיך, אז בעתם ביי א האלבער שטאדט יודען געפינט זיך נים נאר א מטבע'נע קאפיקע. אפילו קיין צי-בראכענער גראשען נים און ס'איז ניטא נים קיין מעהל אויף חלה, נים א בינטעל שטרוי אויף הייצונג. נים א שטיקעל העמד אויפ'ן לייב און דערביי מאכט איז דא א בעל-מאכטע מיט גע-

בראָטענע קישקעס, אַ ראַבינער, וואָס עסט יעדען טאָג ראַקעס און טרינקט קאַווע מיט סעהערלעך, היינט וואו איז, איך בעט אייך, אַ דאָקטאָר מיט אַ טרפה קיך, אַנ׳אַפּטייקער מיט אַ גע-גאָלטער מאָרדע, אַ פּאָדוואַלינע, וואָס שפּיעלט שבת אין קאָרטען און אַ יוד אַ חלפן, וואָס חאַפּט איהם אָן, ווייסט ער וויפיעל פּערענעס, קישען און לייכטער זענען פאַרהאַן אין שטעדטיל, — אָט די אַלע, מישטיינס געזאָגט, כלי-קודש, אָהן וועלכע עס קאָן קיין קיום ניט האָבען דאָס קלענסטע יודישע שטעדטיל אויף דער וועלט?...

נאָר ווי די מעשה איז, קומען אָבער פּאָר אויף דער וועלט זאַכען וואָס גאָר שלא כדרך הטבע. בכן דערצעהל איך אייך, האָט זיך געטראָפען אין שמוינעוועקע, אַז זוך פון היינט ביז מאָרגען וואָלט זיך ניט געפינען לא עליכם אַ יוד, וואָס ביי איהם איז געבליבען אפילו אַנ׳איינציגע קאָפּיקע, ממש, ווי מען זאָגט, חאָטש צאָהל אַ רענדעל פּאַר אַ קאָפּיקע.

אַז דאָס האָט דערוואוסט דער רב, האָט ער ראשית-דבר געוואַשען די הענד אין געמאַכט שהחינו און דערנאָך געשיקט לאָזען בעטען צו זיך די גרעסטע בעלי-בתים אויף איין אסיפה.

דער שמש איז אַרומגעלאָפען ווי אַ פערסמ׳טער אין אַלע גאַסען, און טאַקע באַלד נאָך מעריב איז דער עולם זיך צונויפ-געגאַנגען ביי׳ם רב.

דער רב האָט גענומען אַ ברייטען שמעק־טאַבאַק, אויס-געהוסט זיך און געזאָגט בזה הלשון:

„— רבותים! צו דעם בורא-עולם קאָן מען קיין טענות ניט

האָבען; שוידער איז ער געקומען אין זיין משפט איז רעכט, און פֿייד איז מחויב עלץ אָנגערופֿען פֿאַר ליבען; וואָרים בעזונדערט הרבנים האָבען מיר שוין ניט ווערדה אפילו א טויזענד־חלק פֿון זיין געגאָזר אין לייטוועלינקים, וואָס ער מהוט מיט אונז, בכן איז דער שכל מחויב צו דאָס וואָס נאָך ברוך הוא מהוט מיט אונז איז לגמרי נאָר פֿאַר זכות אָבות. — ובפרט, רבותים, ביאת־המשיח, וואָס דאָס איז די גרעסטע זאַך אויף דער וועלט און אויף וואָס יודען וואַרטען שוין טויזענדער יאָהרען. ווי, וואָגט מיר, געשיקט זיך, צו מיר, איך בעט אייך מחילה, מיט אונזערע מעשים־טובים, אונזער פֿרומקייט און אונזער יודישקייט וועלען האָבען דאָס זכות צו מקרב זיין די גאולה?... נאָר אויף דאָס פֿרעגט מען קיין קשיות ניט. די גמרא זאָגט: אין בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס... יודען; ניט אָב א שבת צו זיין ליעבען גאָטען; און גאַנץ שמוינגעוויקע איז ניט געבליבען קיין איינציגע קאָפּיקע. איז בכן גריים זיך, יודען צו „ביאת המשיח!"...

עס־ליבע מיטם איז דער עולם געקומען ווי א פּעטמעלמער. ביאת־המשיח!... עפּעס א קלינינקייט צו זאָגען — גריים זיך צו ביאת־המשיח... אמת, וויאַזוי יוד איז ניט מיבן ומזומן יעדען טאָג, צו אָם וועט זיך דערהערען דער קול פֿון שופֿר. די לאַנגע תקיעה־גדולה. וואָס וועט געהן פֿון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען, און אויף דעם באַרג זיתים וועט זיך בעווייזען דער גואל־צדק רייטענדיג אויפֿן ווייסען פֿערד... אָבער גלאַט אַזוי זאָגען מיט אמאָל: גריים זיך, משיח געהט!!...

— רבי — האָט זיך צולעצט אָנגערופֿען איינער פֿון די

בעלי־בתּים — איז הייסט עם פּאַלעסטינאַ, מיט די חוֹבבי־ציון הייסט עס און מיט די קאָלאָניעס...

נאָר דאָ האָט זיך אויפגעהויבּען מנשה־מענדעל דער פּאָדריאַדטשיק, האָט ארויסגעשלעפּט פון בוזים־קעשענע אַ גראָבּ פּעקעל פּאַפּירען, איבּערגעבּונדען מיט אַ בּלאָען וואָלענעם פּאָרעם, אַ פּאַטש געטהון אין טיש און געזאָגט:

— רבּותים! ווארט אויף אַ ווײַלע... איך האָבּ אַקוראַט היינט צונויפגעפיהרט דעם חשבּון פון דער פּאָסטרויקע, איך מיין פונ'ם מרחץ מיין איך, און האָבּ טאַקע בּדעה געהאַט צו בּעטען דעם רבּ זאָל לעבּען מאַכען אַנ'אסיפה, כּדי...

— האַ?, וואָס? — האָבּען זיך דערהערט ק'לות פון אַלע זייטען: וואָס חשבּון?... וועלכען חשבּון?... וואָס וויל ער איצט מיט זיינע חשבּונות?...

— שאַט, רבּותים, שאַט! — האָט זיך דאָ דערהערט דעם רבּ'ס קול: אַ נוֹתר... שאַט, רבּותים, אַ נוֹתר...

- אַ נוֹתר?!?!

און איין רגע זענען אַלע, ווי מען זאָגט, פערשטומט געוואָרען.

— זאָגט, רבּ מנשה־מענדעל — האָט זיך דער רבּ געװענדעט צו'ם פּאָדריאַדטשיק: זאָגט, וואָס האָט איהר געוואָלט מודיע זיין דעם עולם?

— איך האָבּ געוואָלט זאָגען, יודען, אַז כּפי דעם חשבּון,




— ס'איז בנאמנות אַ קומעדיע מיט יודען! — האָט זיך צוביייזערט מנשה-מענדעל: פשוט אַנ'אַקט, ווי איך בין אַ יוד!... פאַר אַ יאָהרען בײ'ם חשבון, ווען איך האָב מודיע געיוען, אַז עס פעהלט געלד צו דער פּאָסטרויקע, האָט דער עולם געליאַרעמט: „ס'אַ ליגען, ס'אַ ליגען, ס'מוז נאָך זיין אַנ'אָסטאַטאָק לכל-הפחות ק"ן רובל"... וואָס? אפשר ניט אמת? און איצט, אַז איך זאָג אַליין, ס'איז דאָ אַ נותר און לעג איהם אַרויס אַ מזומנ'עם, איז גאָט אייך אַקוראַט קאַפּויר...

— רב מנשה-מענדעל—האָט זיךדאָ אַריינגעמישט דער רב: איך בעט אייך טויזענד מאָל מחילה... מילא וואָס, יונגע לייט, נאַרען, זיי פערשטעהען אַליין ניט וואָס זיי ריידען... עט, נעהמט זיך ניט צו'ם האַרצען... דער עיקר איז דאָ ניט דער חשבון — די קאָפּיקע איז דער עיקר, וואָרום איהר פערשטעהט...

און דאָ האָט זיך דער רב ווידער געווענדט צו דער אסיפה:

— רבותים, — האָט ער געזאָגט — בעונותינו הרבים איז, ווי עס זעהט אויס, נאָך ניט געקומען די צייט, אַז מיר, יודען, זאָלען דערלייזט ווערען. משיח קען נאָך ניט קומען, ווייל דאָס וואָס די גמרא זאָגט איז ביי אונז ניט מקוים געוואָרען, — ביי קהל, ווי איהר זעהט, איז נאָך דאָ געלד...

— רבי — האָט זיך אָנגערופען איינער פון די בעלי-בתים, אַ יוד אַ חכם, אין די פריהערדיגע יאָהרען דער ערשטער בעל-עצה אין אַלע קהל'שע זאַכען: רבי, האָט ער געזאָגט, מילא, דאַרף מען בעקלערען דעם ענין און געבען זיך אַנ'עצה.




— פֿרדגא — האָט געענטפֿערט דער רב — זאָגט איהר, רב קלמן, וואָס זאָל מען טאָן!

רב קלמן איז געזעסן פֿאַרטראַכט אַ פּאָר מינוט און צו־לעצט האָט ער אַזוי געזאָגט:

רבי, איך מיין, אַז די קאָפּיקע זאָל מען פֿאַרײַניזאַרפֿען אין מיך.

— אין מיך — האָט זיך דערהערט צווישן די יונגע לײַט — איהר הערט. ער זאָגט: פֿאַרײַניזאַרפֿען אין מיך...

— שאַ! שאַ!! האָט איינגעריסן דער רב — שווײַגט. יונגע לײַט, לאָזט רײדן... ס־ס־סע... און וואָס מיינט איהר וועגן דעם, רב־שלמה, רב אברהם־בער, רב־מרדכי...

רב שלמה, אַ ייד אַ למדן, האָט פֿאַרנומען אין האַנט די באָרד, אַ הוסט געטאָן און געזאָגט:

— אין מיך? ניין, אין מיך ניט. וואָרום ראשית, איז דאָס פּשוט איבער דין איך בל־תשחית, אין צווייטענס, איז דאָס גלאַט קיין פּלאַן ניט: די קאָפּיקע קאָן אײַנשלינגען אַ הערבס און ווײַטער ניט איז פֿון אונז זאָל אַקדאַם דעם הערבס אָדער אַליין האַפּן. אָדער קיפּען און ווידער מאַקע בעקומען די אײגענע קאָפּיקע. אלא וואָס? מיר וועלן ניט קיין פּישער און קיפּען העלפֿן מיר איך ניט, וואָרום ס'איז קיין געלד ניטאָ. אמת. נאָר פֿאַר נאָס איז דאָך אָבער ניטאָ קיין אומגליקליכקייט... בכן איז מײַן עצה: הילת, אַזוי ווי פּטור צו ווערן פֿון די קאָפּיקע דאַרף מען כּדי צו מקרב זײַן די גאולה, איז די עבירה פֿון בעל־תשחית שוין

ניט אזוי גרוים און אזוי ווי אין טייך ווארפען איז קיין פלאן ניט, זאל מען די קאפיקע בעסער אריינוווארפען אין מקוה. אין מקוה חאפט מען קיין פיש ניט און חוץ דעם איז דארט אויפ'ן גרונד אזא טיעפע און געדיכטע בלאטע, אז די קאפיקע וועט אין איהר איינגעזונקען ווערען אויף אייביג.

— יא, יא! אט דאס איז טאקע א פלאן — האבען זיך דערהערט קולות ארום.

— ניין, ליעבע יודען, דאס איז גאר קיין פלאן ניט! — האט זיך אנגערופען רב מרדכי יאנעווער, א יוד א משכיל, שוין א יאהר פופצעהן בליוסטיטעל אין דער תלמוד-תורה: דאס איז קיין פלאן ניט — נעהמען קהל'שע געלד און ווארפען אין בלאטע. בעסער אט וואס: שוין א יאהר צעהן אז אין תלמוד-תורה קאפעט דורך דער סטעליע ווייל אין דאך זענען עטליכע לעכער. איז וואלט זיין א יושר, אז די קאפיקע זאל מען אסיגנירען אויף רע-מאנט אין דער תלמוד-תורה. ווי מיינט איהר, הערר גלאזמאן?

רב שלמה גלאזמאן, דער קאזנאטשיי פון דער גרויסער שוהל אין שמוינעווקע, האט זיך א גלעט געטהון דאס סיווע בערדעל און געזאגט:

— אודאי, רב מרדכי, זענט איהר גערעכט. די תלמוד-תורה דארף טאקע רעמאנט און ס'וואלט טאקע בפירוש זיין א יושר... נאר ניט איצט. ווארום אז באלד משיח וועט קומען, וועלען מיר דאך מעהר ניט דארפען דא קיין תלמוד-תורה. אמת טאקע, מ'וועט ניט דארפען קיין בתי-מדרשים און קיין שוהלען אויך ניט. נאר צווישען א תלמוד-תורה און א בית-מדרש איז

אַ גרויסער חילוק! אַ תלמוד-תורה איז דאָך ניט מער ווי אַן אָנ-
שטיליטעט. אַ שקאָלע. נאָר אײַנ'ן ייִדישן אַרט, אַ שיהל
אַבער, אַ בית-המדרש איז אַ מקום קדוש. און תלמוד-תורה. זאָגט
איהר, קאָפּעס רוקט דער ממשלה. ט. און אין שיהל בײַ אונז
קאָפּעס רעדן ניט! בײַ איך איז אין דאָך דרײַ לערנער און בײַ
אונז אין שיהל איז דערציִען. מיר וועלן מאַכען, אַז אם ירצה-
השם משיח וועט קומען, ניט פֿאַרגעסן מיט זיך ניט די תלמוד-
תורה, ניט די שיהל. אַבער איבערלאָזען דאָ אַ שיהל, אַ מקום
קדוש, מיט לערנער — איז אַ חילול-השם. בכן איז מיין עצה, אַז
די קאָפּיקעס זאָל מען אַסיגנירען אויף רעמאָנט אין אונזער שיהל—
עס זאָל תמידלים קיין חילול השם ניט זײַן...

— חילול-השם זאָגט איהר! — האָט זיך דאָ אַרויסגע-
חאַפּט מיט אַ קריכס רב גרשון משיאַק, דער גבאי פֿון חברה
קדישא: חילול-השם, רב שמואל! ניין, לאָזט מיך רעדען...
אַ שיהל איז אַוודאי אַ מקום-קדוש און איז פֿיעל גרעסער פֿון
אַ תלמוד-תורה. ט, און אַ בית-עלמין? האַ? דער רב זאָגט: משיח
וועט קומען. גוט. וועלען מיר אַרויסנעהמען פֿון שיהל די ספֿרי-
תורות, די מנורה פֿון עמוד, די הענגלײַכטער, די פּרוכתן,
דעם כּיור. אפילו אַלע שמות פֿון אונטער דער בימה אויסראַמען.
איז בלײַבען נאָר פֿיער ווענד מיט אַ פּאָדריסקע; דער בית-עלמין
אַבער מיט די קברים און מיט די מצבות וועט דאָך בלײַבען
דאָ אין גאַנצען, היינט זאָגט, רבותים. אַז עס איז שוין צוואַנציג
יאָהר אַז דער בית-עלמין שטעהט בטעם נאָר אָהן אַ פּאַרקאַן אין
חורים, בהמות און פֿערד געהען זיך אַרום צווישען די מצבות
און פֿערגאַריען די קברים. איז דאָס ניט אַ חילול-השם? און וואָלט
דען ניט זײַן אַ יושר, אַז מען זאָל די קאָפּיקעס אָפּגעבען אויף

א פאַרקאַן צו׳ם בית־עלמן, דער בית־עלמן איז בילכער פון א שוהל, און חוץ דעם האָבען אונזערע בתי־מדרשים דאָחאָד מעהר פונ׳ם בית־עלמן...

— ראָחאָד — זאָגט איהר? — ראָחאָד?! — האָט זיך אויפגעחאַפּט גלאָזמאַן: ווי הייסט? מיר גיבען דען ניט אָב חשבון פון יעדער קאָפּיקע?

— און פון ראַסחאָד אויף תיקון אויך? — האָט זיך דאָ דערהערט מיט א געלעכטעריל פון צווישען דער יונגער חברה.

— האַ, וואָס? אויף תיקון? — האָט זיך צושריגען גלאָזמאַן: און חברה־קדישא, די שיכורים, די פּיאַניצעס! פון זיי נעהמט איהר דען אָב ווען ניט איז אָטשאָט?...

— הערר גלאָזמאַן! איך בעט אייך אײַנהאַלטען א ביסעל די צונג! — האָט א קוויטש געטהון רב גרשון טשוואָק, — בעסער זאַטשעפּעט זיך ניט, וואָרום...

— רבותים! רבותים! — האָט זיך א חאַפּ געטהון דער רב — איך בעט אייך... געוואַלד, בעלי־בתים... יורען. . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

---

II.

אין דעם זעלביגען אָווענד בשעת ביי׳ם שמוינעוקער רב איז געזעסען די אסיפה, איז געקומען צו משיח׳ן א שליח מן־השמים און האָט איהם געגעבען צו וויסען, אז אזוי און אזוי:

אין אַ שטעטל סימן נאָכן שמוינעוקע איז בײַ ייִדן ניט געבליבן קיין אײנציגע קאָפּיקע. אײן קאָפּיקע אַ קהילה'שע איז אפילו נאָך דאָ. נאָר דאָרט זיצט בײַם רב אַן אַסיפה און מען ווערט זיך שוין בודאי אַן עצה געבן, וואָס צו טאָן מיט דער קאָפּיקע. — ייִדן ווילן לעבן מאַכן אַ תל פון קהילה'שע הונדערטער און טויזנטער. ווײַל איבער אַ קאָפּיקע שוין ס'הכּלל קיין ישוב ניט זײַן. — בכן מוז דאָך מקוים ווערען וואָס די גמרא זאָגט וועגן ביאת המשיח.

— קיין אײנציגע קאָפּיקע! — האָט זיך אָנגערופן פֿאַרוואונדערט משיח, — היתכן! ווי געשיקט זיך, אַז בײַ ייִדן זאָל ניט בלײַבן אפילו אַ קאָפּיקע! ובפרט בײַ הײַנטיגע ייִדן וואָס פֿאַר אַ קאָפּיקע וועגן זיי גרייט איבערײַסן אײנער בײַם אַנדערן באָרד און פּאות און פֿאַר אַ רובל פֿערקױפֿן אַן אײגענעם טאַטן... בלײַבט דאָך די קשיא, ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט פּאַסירן, אַז אַ גאַנצע קהילה קדושה זאָל אַזוי פֿאַראָרימט ווערען! נאָר פֿאַר דעם בודאי־עלים איז דאָך ניטאָ קיין אַנטשולדיקונג און וואָס די גמרא זאָגט מוז דאָך מקוים ווערען, -- בכן דאַרף מען פֿאָהרען.

משיח האָט געהייסן אַרויספֿירען פֿון שטאַל דאָס ווײַסע אייזעל און צוגרייטען דעם שופר.

דאָס אייזעל, וואָס איז אָפּגעשטאַנען אין שטאַל כמה הונדערט יאָהרען, איז געווען באַדעקט מיט שמוץ און מיט שטויב, אַזוי אַז מען האָט איהם קוים אָפּגעוואַשען און אָפּגעפּוצט. דער שופֿר איז אויך פֿאַרשטויבט געווען און מען האָט איהם אַ גאַנצע שעה געדאַרפֿט ווייקען אין עסיג. און גאַנץ נאַטירליך:

זעהענדיג און הערענדיג אַל׳ץ וואָס טהוט זיך בײ יודען האָט משיח גאָר ניט געקאָנט קלערען, אז ער זאָל אין גיכען דאַרפען פאָהרען צו דערלייזען דאָס פאָלק ישראל. מילא, עס זאָל ניט בלייבען בײ יודען אפילו אַ קאָפּיקע פון דעם איז דאָך ניט געווען וואָס צו קלערען, חוץ דעם, ווי איהר געדענקט דאָך, ברייגנט די גמרא נאָך אַ סימן אויף משיח׳ס צייטען: דור שכולו זכאי או שכולו חיב. — מילא פון צדיקים איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידען: שענע צדיקים מישטיינס געזאָגט זענען איצט דאָ בײ יודען... בלייבט דער בטחון אויף כולו חיב; ס׳הייסט: אַז אַלע זאָלען ווערען רשעים, אפיקורסים, נאָר זאָגט מיר, איך בעט אייך, קאָנט איהר היינטיגע אפיקורסים? ווייסט דען אַ היינ־טיגער יוד, וואָס הייסט זיין אַנ׳אפיקורס? אַמאָל, זעהט איהר, פאַרצייטען, זענען געווען אַפּיקורסים טאַקע וואָס אַפּיקורסים הייסט. אַ פאַרצייטיגער אפיקורס פלעגט כמה יאָהרען לערנען זיך צו זיין אַנ׳אַפּיקורס. לכתחילה איז דאָס געווען אַ יונגער מאַן מיט אַ גוט, שאַרף קעפּעל צו׳ם לערנען, פלעגט בחור־וויי־זיצען אין קלויז און דערנאָך בײ שווער און שוויגער אויף קעסט און לערנען — די פּרויענ־פּראַגע פון מסכת יבמות; ארחיטעקטור פון מסכת עירובין; פּראַוואָזשיטעלסטוואָ פון גו׳שן מיט די ערי מקלט —, בכלל לערנען, לערנען און לערנען. — דערנאָך פלעגט צו איהם אַריינפאַלען אַ השכלה־ביכעל, אַ טרייף־פּסול מיט קורצע אָדער מיט לאַנגע שורה׳לעך; דערנאָך פלעגט דער שוואַרץ־יאָהר ברייגנען אַ לעהרער פון קאַזיאָנע אוטשילישטשע, אַ גימנאַזיסט, אַ בלאַט „הלבנון", אַ ביכעל „השחר", די שפּעטערע יאָהרען — אַ נומער „המליץ", „הצפירה"; איינס מיט׳ן אַנדערן, בײ׳ם יונגענמאַנטשיק פלעגט ווערען אין קאָפּ אַ רעש, אַ מהומה,

א פֿינסטערניש, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט, ווי בשעת ליקוי־חמה. און ביסלעכווײַז פֿלעגט זיך אויסבאַלייטן פֿון דעם נעוויגעווגעם דימקנעם יונגערמאַן א פֿאַרטיגער אַפּיקורס מיט אַלץ שפּריצפּיק, מיט חילוק קשיות, מיט פֿינסטערע פּירושים׳לעך. למשל מיט אַזאַ פּירוש אויף „לא תבערו" אז עס פֿלעגט אויסקומען, אז רויכערן אום שבת איז כמעט א מצוה... אָט מיט אַזאַ אַפּיקורס פֿלעגט ער זיך כּלומרשט ראַנגלען און אים ניט בײַקומען; אַזאַ אַפּיקורס פֿלעגט דעם מלאך־המות אַליין שטעלן א פֿיג און שטאַרבן א מיתה־משונה מאַכט אָהן תשובה און אָהן ווידוי. ועוד אחר, ווען עס וואָל ווערן א גאַנצער דור אַ ז ע ל כ ע אַפּיקורסים. וואָלט שוין משיח קיין ברירה ניט געהאַט און וואָלט געמוזט קומען. וואָס אָבער ווערט מען בײַ אונדזערע אַפּיקורסים?— ווערן פֿאַרטיק און רויכערן אום שבת — פֿאַסטן ניט אַפֿילו יום־כּפּור, עסן טריפֿות. פּרובירט פֿרעגן אַזאַ אַפּיקורס.

— פֿאַר וואָס רויכערסט דו אום שבת?

— ווײַל איך וויל רויכערן, — ווערט ער אײַך ענטפֿערן.

— למאי פֿאָרסטו דו?

— ווײַל איך וויל ניט גיין צופֿוס.

— למאי פֿאַסטסט דו ניט יום־כּפּור?

— ווײַל איך וויל עסן.

קורץ און גוט, אָהן פּירושים; וויאַזוי האָסט אים אָן, קאָן ער אַפֿילו קיין עבֿרי ניט און דאָס שוין איז פֿאַרגעסן. אָט דאָס קאָלבאַסניקעס צו גאָט, צו דער אמונה, צו דעם חוב

וואָס ליעגט אויף יעדען מענשען צו גלויבען — און וואָס ניט איז פאַר אַ גאָט, אָבער דאָך גלויבען טיעף און ערנסט — אָט פון וואָס בעשטעהט אַ היינטיגער אַפּיקורס. אַ פאַרצייטיגער אַפּיקורס פלעגט עסען טרפות לשם השכלה, טראָגען אַ קורצען ראָק לשם השכלה, לייענען אַ בלאַט צייטונג לשם השכלה; און אַז אין פעטערבורג איז געוואָרען אַ חברה „מפיצי השכלה" פלעגט ער די לעצטע צעהן רובל אוועקשיקען אהין אַ נדבה און צונויפקלויבען ביי אַנדערע וויפיעל נאָר ס'איז מעגליך געווען נדבות פאַר דער חברה. און אַ איצטיגער אַפּיקורס? איבעראַל איז דאָס אַ גראָבער יונג, וואָס האָט אַפּילו ניט געהערט פון דעם וואָרט השכלה און אויב דאָס איז אַ מענש אַ געבילדעטער מיט אַ דיפּלאָם — איז וואָס טהוט ער? זענענדיג אַ סטודענט נעהמט ער אַליין נדבות, לערענט, עסט און טרינקט אויף דער חברה'ס חשבון און דערנאָך, ווערענדיג אַן אַדוואָקאַט, אַ דאָקטאָר, אַ אינזשענער און פער־דיענענדיג הונדערטער און טויזענדער, דערמאָהנט ער זיך אַפּילו ניט אויף דעם ברויט און זאַלץ, מיט וועלכע עס האָט איהם געהאָדעוועט די השכלה, און אַז מען דערמאָהנט איהם, מאַכט ער זיך תמ'עיוואַטע, און אַז אין צעהן יאָהר אַרום דערמאָהנט מען איהם אַז ביי דער חברה זענען נאָך גאַנץ זיינע ראָספּיסקעס, ענטפערט ער, אַז צעהן יאָהר איז אַ זעמסקע דאַוונאָסט און די ראָספּיסקעס זענען שוין בטל געוואָרען און געהט לאָדט איהם צום ונתנה תוקף...

אָט דאָס, זעהט איהר, איז שוין אַזאַ מיני אַפּיקורסים וואָס אַפּילו די שדים אין גיהנם וועט נמאָס ומאוס זיין צו פּאַטשקען זיך מיט זיי, און פאַר משיח'ן טויגען זיי בודאי אויף כפרות...

פרייד און אונזער צונג — מיט געזאַנג;
דעמאָלט וועט מען זאָגען צווישען די פעלקער:
גרויסע וואונדער האָט גאָט געטהון מיט זיי!
גרויסע וואונדער האָט גאָט געטהון מיט אונז
און מיר וועלען זיך פרעהען:
קעהר־אום, גאָט, אונזערע געפאַנגענע, אזוי
ווי שטראָמען אין דרום־זייט;
די, וועלכע האָבען געזייעט מיט טרעהרען,
וועלען שניידען מיט פרייד;
דער, וואָס האָט וויינענדיג געטראָגען די
קערנער, וועט זיך אומקעהרען מיט געזאַנג
טראָגענדיג די גאַרבען.

---

הויך און פריי, זיס און ליעב האָט זיך געגאָסען משיח׳ס קול איבער די בערג און טהאָלען, וועלדער און פעלדער, טייכען און אָבגרונדען... מיט פורכט און מיט פרייד האָבען זיך גע־צויגען צו איהם

דער הימעל, די שטערען,
דער באַרג און דער טהאָל,
צו פיהלען, צו הערען
זיין געטליכען קול . . .

וואלד־אוים, וואלד־איין האָט זיך געצויגען דער גרויסער לאַנגער וועג, און וואָס ווייטער איז אַלץ ליכטיגער און ליכטיגער געוואָרען משיח׳ס פנים ביז ער איז געקומען אין שמוינעווקע...

און בשעת ער איז אריינגעפאָהרען אין שמוינעוויקע, האָט זיך שוין דאָרט די אסיפה געענדיגט און טאקע אזוי ווי עס דאַרף

צו זיין: יודען האבען געריסען איינער ביים אנדערן בארד און פאות. פיעדערינע קישן. צעבראכענע פעסער, קללות און חרמות האבען זיך געהאקען ווי באג...

איינער האט געשריען: „איך דער תלמוד־תורה!"

דער אנדערער: — „איך דער שוהל!"...

דער דריטער: — „אויפן בית־עולם!"...

דער פיערטער, דער פינפטער האבען אונטערגעהאלטען דעם ערשטען און דעם צווייטען... און העכער פון אלע קולות יאגט געהאנגען א געשריי פון ווייבער און א ביטערער געוויין פון קליינע קינדער... די גאס איז געגאנגען חאראראם און די ערד האט געציטערט . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„— ניין — האט געזאגט משיח — איך בין געקומען צו פריה"...

ער האט אומגעקערט דאס עזעל און איז אוועק צוריק...



# אין חלום.

## א באבע־מעשה פון משיח׳ס צייטען.

---

### I.

## נאך מלוה־מלכה.

שבת־צו־נאכט׳ס אין א שטעדטיל אייפ׳ן טייך דניעפר, איז געזעסען בײ׳ם טויער פון רב אברם־שלום דעם גביר׳ס הויף ישראל׳יק דער סטאראזש.

ליכטיג און שטיל איז געווען די שענע זומער־נאכט. א ליעבע פרישע קיהלקייט איז צוגאסען געווען אין דער לופט און א זיסער דרימעל האט ארומגעוויקעלט די אלטע אקאציעס און די גרויסע, הויכע טאפאליעס אין רב אברם-שלום׳ס גארטען.

דאס גאנצע שטעדטיל איז שוין געשלאפען שטיל און רוהיג אזוי ווי עס שלאפט זיך אין א קיהלען זומער־אווענד נאך א לאנ־גען הייסען טאג, אפילו בײ׳ם אפטייקער איז שוין געווען פינסטער אין זאל — א סימן, אז מען האט שוין דארטען אויך מלוה־מלכה געווען מישטיינס־געזאגט, דאס הייסט געענדיגט די אקא מיט׳ן ראמס, די געסט אוועקגעגאנגען אהיים און דער בעל־הבית געלעגט זיך שלאפען.

ישׂראליק. אַ ייד פֿון אַ יאָר פֿיר־פֿינף און צוואַנציק. אַ הויכער. אַ דאַרער. מיט אַ שיטער גרוי בערדל און מיט אַ בעלמע אויף דער לינקער אויג, איז אַ האַלבע שעה צוריק אַרויסגעגאַנגען פֿון הויף, צונויפֿגעזאַמלט די פּאַרטקעס און גענומען אַ לאַנגן הילכיקן פֿייף. אויף דעם פֿייף האָט זיך דערהערט אַ פֿריילעכער בייל מיט אַ קוויטש. פֿון אונטער דעם מייער איז אַרויסגעקראָכן אַ הינט קאַלטוניאַסטע הינטעל. איינגעוויעלנערט אין הוי אַך און שפּענגליך און האָט גענומען שפּרינגען און טאַנ־צן אַרום ישׂראליקן.

ישׂראליק האָט זיך צונויפֿגעזעצט אויף אַ גראָבן אַלטן טיאַ־לאַק. וואָס איז שוין גאַנץ יאָרן געלעגן דאָ בײַם מייער. האָט אַרויסגענומען פֿון בוזעם אַ פּלעשעלע. אָבגעשטעקט עס און צוגעלייגט צו די ליפּן.

דאָס הינטעל האָט אויפֿגעהערט צו טאַנצן. האָט אים־געהויבן די אויגעלעך סימן פֿינצטער, טויערצן געוויל און אָב־געשטעלט זיך קוקן — וואָס מאַכט דאָס ישׂראליק.

ישׂראליק האָט אָבגענומען פֿון מויל דאָס פּלעשעלע. אָב־געווישט זיך און מיט אַ שמייכעלע אַ קוק געטאָן אויפֿן הינטעל.

— ווילסט?... פּע. באַרבאַסקע, משקה ניט פֿאַר דיר... אַ כּלב מאַר ניט... אַ ייד להבֿדיל — יאָ... אַ ייד איז מלוה־מלכּה... נאָר וואַרט איט, איך האָב עפּעס נאָך. אויף וואָס דו ביסט איך אַ סבֿין... אָט נאַ — אַ שטיקל קיכעל. פֿאַרבײַס... ישׂראליק האָט לעבן האָט גענומען אַ טרונק בראָנפֿן און די,

באַרבאָסקע, פערביים... אַט אַזוי, כלב, נישקשה, מענסט אויך הנאָה האָבען פון דער בעל־הבית'טעם קיכלעך... עס, צוציקיל, עס, און לאָז דיר טאַקע וואוהל בעקומען... אָח־אָח־יָח, גאָטעניו! וויפיעל דאַרף אַ מענש אין גאַנצען? אודאי, אַלערליי מענשען פאַרהאַן און יעדעם גאָטס'בעשעפעניש האָט זיך זיין בעדערפעניש: רב אַברם־שלום דער גביר דאַרף קאַזיאָנע פּאָר־ריאַדען; מיכל דער מלמד — תלמידים, גלאָזבערג דער אַפּטיי־קער — רעצעפּטען... און וואָס דאַרף ישראל'יק דער סטאָ־ראָזש — דאָס הייסט, איך טאַקע? גאָר נישט... גאָ־אָר נישט, איך, ישראל'יק, דאַרף זיצען נעבען טויער און קוקען אויף דער לבנה... סקאָצעל קומט, גוט נ'אָוועגד לבנה'לע! וואָס טאַכסטו? ווי געהט עס דיר?... ווייסט איהר וואָס איך וועל אייך זאָגען, דאָס איז נאָך פון נח'ס צייטען אָן — ס'הייסט איך מיט דער לבנה... איהר גערענקט דאָך בשעת דעם מבול — געגאַנגען פּאָרלעכווייז: אַ הענדיק מיט אַ הענריטשקע, אַ מלמד מיט אַ ציעג (וואָס גריזשעט אָב די יונגע ביימעליך...), אַ קברות־מאַן מיט אַ קאַטשקע (ווייל זי האָט אויך ליעב „דעם טרונק"...), און איך, ישראל'יק, ווייסט איהר, מיט וועמען? — מיט דער לבנה... לאַכט ניט! צוואַנציג יאָהר שוין, אַז עס לעבט זיך אָט דאָס שענע פּאָריל: איך און זי; איך זיץ ביי'ם טויער און זי אין הימעל; יעדען אָוועגד געהען מיר אַרוים ביידע צו היטען רב אַברם־שלום'ס פערמעגען... באַרבאָסקע — זאָגט איהר? עט אַ לאַ־יחרצ'ל... גלאַט אַזוי, על פי מנהג: אַ סטאָראָזש דאַרף האָבען נעבען זיך אַ הינטעל כמו אַ גוטער יוד להבדיל—אַ גבאי, אַזוי ווי אין פּסוק שטעהט: בגבאי יבא, בגבאי יצא... אַ הונד איז בכלל ניט אַ יודישע זאַך... באַרבאָסקע! ציץ, ממזר!! עהע.

איהר וואָרום! אַ הונר האָט סידרא פאַר אַ יידען! און אַקעגען דעם יאָס איהר זאָגט: גנבים. איז ביי אונז אין גאַנץ הושענאַזיקע, דינט איך בין אַ סטאַראָוש. געווען קי־רבל דריי גנבות: אַ קיאָמבּס־קע מיט ווייבען הינדעלעך. אַ פּאַלוטיסאַק מיט שבּת׳דיגע פיש און אַ קינעל און אַ ועקעלע. און חאָט מינט איהר? אספר גלאַט פּערי פּערפּאַלען געוואָרען? ניין, ברידער, כמעט אַלץ ראַזטליט־רעוועט: די קיאָמפּקע מיט די הינדלעך האָבען געגנב׳עט ציגיינער. — די קוסטע צו אונז צימענטווייז געהמען אַ פּאַמטינקע: לייטען אַ סאַמאָוואַר, פּערגיסען אַ לאָך און אַ סקאָוואָראָדקע און אַגב אורחה מאַקע עפּעס אויסלייען איך — על מנת להחזיר. דאָס הייסט: אָבגעבען צוריק אַז מען וועט דאַרפען... דעם פּאַ־לוטיסאַק מיט די פיש ווייסט מען ער היינט ניט ווער. ט־ט, איך האָב גענאָמען מיט דעם פּאַלוטיסאַק צו רגנען און צו ואַגען!.. די גנבה האָט זיך געטראָפען ביי אונזערן אַ שכן, ביי אייזיקען דעם וואַרקאָוויאַטען. אַ גאַנצען חודש נאָכאַנאַנד האָט ער זיך ניט געקאָנט לעבען: „ג־ג־גנבים, אָ־וויי־אַ חכמה! אויף ועקס און ד־ר־דרייסיג קי־קי־ק...״ — „כפּרות געמיינט?״ — זאָג איך. „ד־ר־דער אַליין אַ כ־כ־כפּרה! — שרייט ער — אויף ועקס און ד־ר־דרייסיג קאָפּיקעס... אַ פּ־פּ־פרישער, אַ ל־ל־לעבעדיגער...״— „אַ לעבעדיגער? — זאָג איך — אויסגעשוויאַטען, רב אייזיק! — אַ סאַך געטהאָן, זאָג איך, מיטן הינדעל און אויך צוריק אין מיך אַריין...״ — „און דער פּ־פּ־פּאַלוטיסאַק, גזלן?! ד־ר־דער פּאַלוטיסאַק איך אַ־אַ־אויסגעשוויאַטען?!״... כ׳האָב פון אידם, זאָג איך, גענומען קאָלט און וואָרים... איז האָט איהר צוויי צוויי גנבות; און די דריטע, דעם קינעל — ווייסט איהר ווער? תּה־תּה־תּהע!... דעם קינעל האָט אויסגעלאָטשעט אָט מאַקע

ער, מײן באַרבאָסקע, אַ מפּלה אויף איהם!... זומער-צײט, שבת־שירה, די פויגעלעך פרעהען זיך, שפּרינגען פון די דעכער אין הויף אַרײן, עסען גרעטשענע קאַשע, ווי דער מנהג איז, און זינגען שירה... נחמה נחום-געציעס... אַ בעל-הבאָנדע מישטיינס געזאָגט! אַרויסגענומען דעם טשאָלענט, די יוך דער-לאַנגט צו׳ם טיש און דאָס זעקעלע מיט׳ן קוגעל אַנידערגעשטעלט אין קיך אויף דער באַנק אָבקיהלען... מײן כּלב זעהט — די טהיר איז אָפען... אַרײן פּאַוואָלינקע און אַוועק מיט׳ן קוגעל אין אַ ווינקעלע פון יענער זײט באָד און, פערשטעהט איהר מיך, אַ לעק ניט איבערגעלאָזען... נחמה איז געקומען צו לויפען אַ פער׳סמ׳טע — זי מוז איהם שלאָגען, הרגענען!... ניין, זאָג איך, נחמה׳ניו, שלאָגען ניט, זידלען זידעל איהם אָן וויפיעל עס וועט אין איהם אַרײן... וואָס? אפשר ניט גערעכט? וואָס-זשע טהוט אַ נאַרישע יודענע? האָט זי מיר געמאַכט אַכטצעהן מי-שברך׳ס, און דער קוגעל איז געבליבען ביי באַרבאָסקען... באַרבאָסקע! — זאָג איך — אָחינו אתּה! ביז איצטער, זאָג איך, שוין אויף דור־דורות אַ יודישער כּלב, און אַז מיר וועלען געהן קיין ארץ־ישראל נעהם איך דיר מיט, ווי איך בין אַ יוד! וואָס איז? אין ארץ־ישראל דאַרף מען קיין כּלבים ניט? אודאי ווילט זיך קיין סטאַראָזש דאָרט ניט זיין; דאַנקען גאָט, אָבגע-דיענט דאָ אין גלות ביי רב אברם־שלום׳ען צוואַנציג יאָהר.. כ׳לעבען, געננוג... וויפיעל דען איז מחויב אַ יוד?... צוואַנציג יאָהר אָבגעזעסען ביי׳ם טויער און געקוקט אויף דער לבנה, שלאָפען — אַזאַס! סמייע ניט אַנ׳אויג צומאַ-כען... זיץ, ישראל׳יק, זיץ און זינג מיט׳ן אַלטען ניגונ׳דיל:

זיך שוין געמאַכט אמאָל אַנטשלאָפען ווערען — און וואָס האָט זיך מיר דעמאָלט געחלומ׳ט?! אוי־אוי! איהר מעגט עס אויס־הערען:

II.

# דער ארץ־ישראל־יוד.

געוועזען טאַקע אויף שבת־צו־נאַכט׳ס, נאָר אָסיען־צייט טיעף־טיעף אָסיען... אַ רעגען מיט אַ פרעסטיל, אַזוי ווי אין פסוק שטעהט — פינסטער און גליטשיג און אַ ניזאָווע ווינטעל דערצו... אַ גן־עדן, אַ חיות, עס נעהמט דורך ביז׳ן ביין, און געוועזען איז דאָס טאַקע סך־הכל אין אַ וואָך אַרום נאָכ׳ן פּאַ־לומישאָק מיט די פיש... מילא שלאָפען, פערשטעהט זיך, האָט מען ניט געטאָרט... אַ קיצור, אָנגעטהון מיין טייערען שאָפען־פעלץ, פון די קעצענע סויבלען, גוט אונטערגעגאַרטעלט זיך, אַ פייף געטהון מיין לא־יחרץ און אַריינגעקראָכען אינאיינעם מיט איהם אין סטאָראָזשקע. מיין לבנה׳לע זאָל לעבען ניטאָ: זי האָט פיינד אַ ניזאָווע ווינטעל... איז זיץ איך מיר אין סטאָראָזשקע און בורטשע מיר אונטער דער נאָז אַ שטיקעל זמירות מישטיינס געזאָגט... ווי זאָגט ער דאָרטען? חדש ששוני אל נא — בעניי מיין פרייד, גאָטעניו! לחם לאכול — אַבי, זאָגט ער, רבונו של עולם, פון הונגער ניט שטאַרבען, ובגד ללבוש — און אין אייגענע תכריכים, אוי, פאָטער־האַרציגער, בעגראָבען ווערען... און אַז שוין גאָר גוט, איז אַ סך נעביך דאַרף אַ יוד?

פּני — פּני — אַ ביסעלע גרעפּס

מיט אַ שטיקעלע לעקעך...

פּח-פּח-פּח! בליומן מען לעבט ווילט זיך... אַ קיצור. בין איך אין סמאָראָוויסקע... גאָר איך פֿיהל, אַז ס׳פּאַלט אויף מיר אָן אַ גענגען — עס צורייסט מיר ממש דאָס מויל... ישׂראליק — וואָס איך צי זיך אַליין — געדענק, וואָס איך, גאָר ניט שלאָפֿן... פֿערגעס ניט דעם פּסוק: וכרת את הרנה — דעם פּאָליטישאַק הייסט עס כּמען היינט... גאָר שאַ! — מיר דאַכט זיך עפּיצער געדט... האָ! מען רופֿט מיך... איך מרו אַ קוק און בין נשתומם געוואָרען: נעבען דער סמאָראָוויסקע שטעהט אַ ארץ-ישׂראל-יוד! מאַמעניו! אַ ירושלמי מיט אַלע פּיטש-פּיטשלעך — און אַ חאַלאַט מיט אַ גרינעם גאַרטעל. דעם קאָפּ פֿאַרוויקעלט מיט אַ האַנטטוך און רויטע און ווייסע פּאַסען — אַ פֿאַרמאַלנער ירושלמי... דער פּנים ווינציג אַ איינ-געדאַרטער ווי אַ שטיקעל פּאַרמעט. נאָר אייגען אַ פּאָר לייכטען. בלישטשען אַזוי ווי די האַלאָוויטשקעס...

— ישׂראליק! — זאָגט ער און שאָקעלט מיטן קאָפּ — ישׂראליק, דו שלאָפֿסט!

— נאָט אייך אַ נייעס! טראַכט איך מיר — אַ ירושלמי און רעדט פּראָסט יודיש אָהן אַ וואָרט תרגום-לשון...

דו שלאָפֿסט, ישׂראליק! זאָגט ער ווידער אַמאָל און ער קוקט מיר גלייך אין פּנים אַריין אַזוי רחמנותדיג, אומעטיג. אַז עס גענומען מיך אָן בײַם האַרצען...

— פֿון וואַנעט — קלער איך — האָט ער זיך גענומען

אין מיטען דרינען ביי אונז אין הוֹשענאַ'ווקע? און עס קומט מיר אריין אין קאָפּ, אַז מען דאַרף איהם שיקען צום רב, ווי דער מנהג איז מיט ארץ-ישראל-יודען.

נאָר דער ירושלמי אַפּנים שטויסט זיך אָן וואָס איך קלער:

צו'ם רב, מיינסטו? — מאַכט ער צו מיר — איך בין שוין געוועזען ביי'ם רב... איך האָב אפילו פריהער געוואוסט אַלץ וואָס ער וועט מיר ענטפערן...

— איהר קלויבט — פרעג איך — נדבוֹת אויף ארץ-ישראל? טאָ וואָס-זשע געהט איהר אַרום ביי נאַכט?

— נדבוֹת אויף ארץ-ישראל? — זאָגט ער, און זיין פּנים ווערט מיט אַמאָל אַזוי העל און ליכטיג. גלייך ווי עס וואָלט אויף איהם אין דער מינוט געפאַלען די שיין פון מזרח-זייט, — יאָ, ישראל'יק, איך קלויב נדבוֹת; ווייסטו אָבער וואָסערע? ניט קיין קופּערנע, ניט קיין זילבערנע... ניין, ישראל'יק, איך קלויב גוטע, ערנסטע יודישע הערצער, ריינע, ליכטיגע יודישע געדאַנקען, טיעפע, הייסע, כּשר'ע אמת-יודישע געפיהלען... און געהען געה איך אַרום טאַקע נור ביי נאַכט, ווען עס ווערט פינסטער אין יעדען ווינקעלע און עס רוישט דער ווינד, און עס גיסט אַ שלאַקס-רעגען... אין יענע נעכט, ווען קינדער אין די וויגעליך חאַפּען זיך אויף פון שלאָף, ציטערען און שרעקען זיך פאַר'ן וואָיען פונ'ם ווינד, ציהען אויס די הענדטעליך צו דער מאַמעס ברוסט צו בעהאַלטען זיך, אין איהרע אָרעמס... אין יענע נעכט, ווען אַלטע לייט הויבען אָן צו דערמאָהנען זיך אויף די פערגאַנגנע גליקליכע יונגע יאָהרען, אויף דעם ווי

יודען, יודען! בעטראַכט אייער לעבען... בעטראַכט,
אוי, ווי פינסטער און לאַנג איז די נאַכט!...
ביי דער טהיר ווי אַ יתום אַנ'אָרעמער שטעהט
אייער אייגענעם גליק, אייער אייגענע פרייד...
יודען! גיט אַ נדבה!...

— וואָס־זשע מיינסטו, ישראליק, זאָגט דער רב? — „פערשטעהט איהר מיך — זאָגט ער — ווי הייסט? אַ שייכות צו זאָגען: נ י ט   ו ו ע ל ע ן   אין ארץ־ישראל?!... וואָסער יוד וויל דאָס ניט אין ארץ־ישראל? נאָר איהר זייט דאָך, זאָגט ער, געקומען צו מיר ניט ווי צו אַ געוועהנליכען, פראָסטען יודען, איהר פערלאַנגט דאָך פון מיר, אַז איך זאָל אַלס אַ רב, אַ מרא דאַתרא, אונטערהאַלטען ביי'ם עולם דעם רעיון... איז דערויף מיז איך אייך זאָגען, אַז ניט נור איך אליין, נאָר אַלע אונזערע רבנים, דיינים, גוטע־יודען קענען ניט זיין צופריעדען מיט דעם, וואָס איהר ווילט אויפטהון... גלויבען אין ביאת־המשיח, וואַרטען אויף משיח'ן — דאָס יאָ: נאָר פערשטעהט איהר מיך, דאָס „גלויבען“ און דאָס „וואַרטען“ זענען שוין אַזוי טיעף איינגעוואַקסען ביי אונז אין האַרצען, אַז נאָך משיח'ס קומען. דאַכט זיך, וועט בלייבען עפּיס אַזוי ווי אַ ליידיג, פוסט אָרט ביי'ם יודען אין קאָפּ און אין האַרצען... שווער, שווער, אַז דאָס פאָלק זאָל פערשטעהען, אַז יעדער פראָסטער יוד דאַרף אַליין העלפען משיח'ן צו קומען און אויסצולייזען אונז פון גלות... הייגט נעהמט אַ רב, אַ גוטען יודען, וועלכע ווי דאָס פאָלק גלויבט, האַלטען־אונטער דעם פראָסטען עולם מיט זייער פרומקייט, מיט זייער תורה און מעשים־טובים און זייער זכות איז גורם צו פערגרינגערן דעם גלות — איהר פערשטעהט דאָך

פֿלעג, אַז אַ הײַנטיקער רבּ טויג לגמרי נאָר פֿאַר חוץ־לאָרץ; פֿלען דאָס ער האָט זיך געדאַרפֿט אויסלערנען צו באַקומען סמיכות אויף רבנות. געהערט ניט צו חוץ־לאָרץ; דאָס גרעסטע וואָס אַ הײַנטיקער רבּ ווייסט, איז עטליכע אַלטע שאלות ותשובות. וואָס האָבן אָנגעהאַנגען מאַכט ווײַטער אַבאַל נאָר מיט חוץ־לאָרץ... ווייסט דען אַ הײַנטיקער רבּ תּאָמער אַ גרויסן־חלק פֿון דעם וואָס עס איז פֿאַרגעקומען מיט יודען אין די לאַנגע הונ־דערטער יאָהרען פֿון אונזער גלות? און מאַכט גופֿא אין ארץ־ישׂראל נאָך בײַזן חורבן און פֿאַרן גלות? אַ רבּ ווייסט אַקוראַט דאָס, וואָס ס'ווייסט יעדעס חדר־יינגעל, יעדע יודענע;

מ'איז געווען אַ בית־המקדש און מען פֿלעגט ברענגען קרבנות; דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען און יודען זענען פֿאַרטריבען געוואָרען אין גלות.

און דאָס איז אונזער געשיכטע,<br>
יודען האָבן געווען פֿרום און בקיאים אין תרי״ג מצוות<br>
און דאָס איז אונזער גלויבען,<br>
יודען האָבן געוואַרט אויף משיח'ן,<br>
און דאָס איז אונזער האָפֿנונג.

מי־ווייסט ווילט אויך אַז אַ רבּ זאָל אָנהויבען זאָגען דעם עולם: „— יודען! שטערט אײַך! ניט דעם רבּ'ס פֿרומקייט און ניט דעם גבירים נישטסקייט ווילען אײַך אונטערהאַלטען און ברענגען צו אַ ציל, — אַליין, אַליין מיט די אייגענע הענד דאַרפֿט איהר זיך נעהמען צו דער אַרבייט און אַנגרייטען פֿאַר משיח'ן דעם מאַטעריאַל. פֿון וועלכען ער יעצט. אַזוי ווי דער שטיקער פֿון אַ רויב, אויסקאָכען פֿאַר אײַך אַ נײַעם, ליכטיגען

מול, א נייַ, זיס לעבען אָהן ענגמת-נפש, אָהן שרעקעניש אויף יעדען שריט און טריט"... אזא רב וועט דאָך אויסזעהן ווי עפּיס א פשוט'ער משוגענער... און ווייסט איהר נאָך וואָס? — איינס מעג אזא רב זיין בטוח, אז ער וועט אראָבפליהען פון רבנות, אזוי אז ער אליין וועט אריין אין קרוקאָוו און די יאַר-מעלקע זיינע אין בויבעריק... געהט אריין זייט מוחל צו רב אברם-שלום'ן צו אונזער שטאָדט-גביר: א שענע נדבה אויף ארץ-ישראל וועט ער אוראי געבען, און אז איהר וועט איהם זאָגען דאָס וואָרט „גלות", וועט ער טהון א טיעפען-טיעפען זיפץ; פּרובט אָבער הויבט אָן צו ריידען טאַקע ערנסט וועגען „ביאת-המשיח", וועגען א שטיקעל אייגען לאַנד, וועגען א שטיל ווינקעלע, וואו יודען נעבעך זאָלען זיך קאָנען אָברוהען פון דעם אייביגען בלאָנדזשען און מאַטערן זיך אויף דער וועלט...

רב אברם-שלום, פערשטעהט איהר מיך, איז א מענש א וועלט-ליבער, איז געוועזען אין די גרויסע שטעדט און איז בעקאַנט מיט די גרעסטע לייט; יודען אזעלכע ווי רב אברם-שלום וועלען אייך זאָגען:

„— זעהט איהר? אָט די מעדאַל האָט מען מיר געגעבען אין ארץ-כשדים פאַר א נדבה אויף אזא מין בנין, וואוהין מען לאָזט א יודען אפילו צו דער טהיר ניט צו... פּאָטשאָטנע גראַזש-דאַנסטוואָ האָב איך בעקומען אין מלכות יון פאַר נאָך א נדבה אויף נאָך א בנין, צו וועלכען א יוד וועט אליין נאָהענט ניט צו-געהן... חוץ דעם האָב איך אָרדענס פון וואַנען איהר ווילט: פון קיטאַי דעם גרינעם פּיפּערנאָטער און פון סיאַם דעם ווייסען העלפאַנד, און פון דער ענגלענדערין דעם לייב מיט'ן הירש אזוי ווי מען מאָלט אויף א „מזרח", און פון דעם טערק, און

III.

# „ער פערשטעהט"...

— אוי אוי! נאָך ווי אַזוי איך פערשטעה! אמת, פון די גרויסע חכמים בין איך קיינמאָל ניט געוועזען, נאָר וואָס הייסט, „אַ יודיש הארץ" — דאָס ווייס איך, וואָרום איך פיהל ווי עס ציהט, עס ציהט און ציטערט ווי דאָס פּיצעלע קינד אין וויעג און וויינט, חלש'ט, בעט זיך צו דער מאַמען... עפּיס אַ שפּיע־לכיל, זאָגען: אַנ'אייגען שטיקעל ערד, אַ שטיל, רוהיג ווינקעלע, וואו איך, ישראל'יק רב אברם־שלום'ס סטאָראָזש, וועל אייך ווערען אַ שטיקעל בעל־הבית צו לייטען־גלייך, ניט דאַרפען זיצען אין דער סטאָראָזשקע מיט צוציקען און יעדען אָוועגד מחדש זיין די לבנה... וואָס מיינט איהר? איך ווייס גאָר ניט אפנים וואָס בעטייט אַנ'אייגען שטיקעל בעל־הבית'ישקייט, דאָס אייגען „ביסעל אָרימקייט" ווי יודען זאָגען?... נאָר איך פערגעס אָבער ניט דערביי, אַז איך בין סך־הכל ישראל'יק דער סטאָראָזש און בין אַ יוד, און אַ יוד דאַרף הערען דעם רב און פאָלגען דעם גביר, זאָלען לעבען און געזונד זיין. דער ערל דער חאָחאָל זינגט אַ ליעדעל, וואָס אויף יודיש קומט עס אויס כמעט אַזוי:

דער מאַן (קומענדיג פון מארק):

— אָט נאַ, אַ העכט! פיל־אָן און קאָך!

דאָס ווייב:

— אַ העכט?! — אַ הענדיק איז דאָס דאָך!

דער מאַן:

— נו, ביסט גערעכט, נו, ביסט גערעכט,

און לאָז אַ הענדיק זיין דער העכט...

צווישן אַ הענגריק און אַ הענטשל איז אָדאַי אַ חילוק, נאָר פֿון דער רב זאָגט, דאַרף ישׂראליק הערען און פֿון דער גביר הייסט, דאַרף ישׂראליק פֿאָלגן; אַזוי האָט זיך געלערנט די מאַמע זיינע עליה־השלום. ד איז געווען אַ קליינע און אַ פֿרומע ייִדענע... און אַז ישׂראליקן חלומט זיך עפּעס, כמו למשל דער ארץ־ישׂראל־ייד, דאַרף ער איבערשפּייען די ליפּן און מאַכן אַ שפּייַ, וויאָרום, ווי דער פּסוק זאָגט: כי לבך נעצרת, מאַכט רש״י: וויאָרום אויף דעם ביטש דאַך אַ סטאַראָזש. און אַ סטאַ־ראָזש דאַרף דעם פֿיס צוציקן און היטען רב אַברם־שלומס פֿערמעגן און ניט שלאָפֿן. לטען הייסט ניט שלאָפֿן, כדי עס זאָלן זיך אים ניט חלומ׳ען קיין ווייס איך וואָסערע נאַרישע חלומות און עס זאָלן ניט פֿערפֿאַלן ווערען קיין פֿאַלומישאַקעס פֿון פֿיש און אַ ייד נעבעך זאָל ניט קומען חס־ושלום צו אַ חילול־השם — בלייבען אַ שבת אָהן געפֿילטע פֿיש... און אַ קענען דעם האָט אויך זאָגט: עס צירט דאָס הארץ, עס גלוסט זיך האָבען אַ ביסעלע גליק. האָבען אַ שטיקעלע ווס לעבען צו גע־ניסען, איז דאָך אויך מאַכע אָדאַי נטערבט. נאָר — שאַ, שטיל... לא תחמוד, ישׂראליק! — זאָגט דער פּסוק... שלאָפֿט־זשע, יודען! שלאָפֿט, רב אַברם־שלום.

קיין געשרייַ און קיין געפּיטשל
וועט ניט טרייבען פֿייער אויסער;
די לבנה שיינט און הויכל
און ישׂראליק ווצט ביי׳ם פֿייער...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

* *
*

קאַלט, נאַס און פינסטער איז די טיעפע, שוואַרצע נאַכט, גאַנץ הוֹשענאַ'ווקע שלאָפט און חראָפּעט... דאָס ניזאָווע ווינטעל בּלאָזט אין די איינגע, שמוציגע, קרומע געסליך, — טהוט אַ קלאַפּ מיט אַ האַלבּ־אָבּגעריסענעם לאָדען, פליהט אריין אין אַ קוימען פון אַ קליין, אַלט שטיבּעל, דרעהט זיך אוים און פליהט ווייטער... פון אַ הינטער־געסיל גיסט זיך אַ שטילע, אומעדיגע שטימע:

„אוי, טאַטעניו־פאָטער! אַ שטיקעלע גליק,
אַ ביסעלע נחת צו זעהען!...
געװאָג שוין אַ בּעטלער צו זיין אויף דער וועלט,
געװאָג אין די הייזער צו געהען!...

געװאָג שוין אין שכנות צו וואָהנען; געװאָג
צו ציטערען אייבּיג אין שרעק,
אַז אָט ווערט אין כּעס דער הויז־בּעל־הבית
און מאַכט דיר פון אַלץ שוין אַנ'עק.

טראַכט אוים אויף דיר טויזענדער בּלוטיגע זינד
און מאַכט דעם פּסק-דין שוין פאָראויס:
בּערייסט און בּענעהמט דיך פון קאָפּ ביז די פיס
און יאָגט פון דער דירה אַרויס...

געװאָג שוין צו שטעהען פערהונגערט, פערשמאַכט
בּיי'ם גליקליכען מענש בּיי דער טהיר
און ווארטען, דער ואַטער זאָל פיהלען דיין נויט
און געבּען אַ ביסען אויך דיר...

נקמת שכין, רבונו של עולם, נקמת
אין צרות, אין חרב אין אין קולם
איך יהיה בלק פרוסים בין אימם
נעלמינם מים אונז אויף דער וועלט?...

דאָס ליעדעל קלינגט, ווייגט און צוגיסט זיך ווי א טיפע. ביטערע קלאָג און דער קאַלטער, פינסטערער נאכט... ערטער·ווייז, און די קלינגע. איינצע קריכט החולער האפען זיך אויף פון שלאף יודען. יונגע און אַלטע. הערען זיך·צו צום גיזאוויינען ווינער און צו דעם אומערינען ליעדעל... עס קלינגט עפּיס אזוי פייערדיג און אזוי ליעב. עס נעהמט אן ביים הארצען... נאָר די פערשלאפענע אויגען מאכען זיך ווידער צו. דער קאָפּ לאָזט זיך אראָב אויפ׳ן קישען... ניבא, ניטא קיין כח בייצוקומען דעם אַלטען, מיטפען שלאף...

אין מענטש נור איז דאָ אין הושענא'יקע, אויף וועלכען דאָס ליעדעל ווירקט און לאָזט איהם ניט שלאָפען... ווייסט איהר — ווער? — דער רב. איהר זעהט. ער זיצט ביים טיש און... און שרייבט א דראַנאַסיל! . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ססס-ס-ס... שטיל, קינדער! שרעקט זיך ניט... אונזער בערידמטער ר״ר ר ע ס ב א האָט ווערבען יאהר געארבייט צו דער·ווייזען דער וועלט. אז אונזער בחומה שטימט מיט צער בעלי·חיים פיעל בעסער אידער בײ אַלע אנדערע פעלקער. מען קען זאָגען. אז ער האָט מיט זיין ארבייט אראָבגעטוטען פון דער הלכה שחיטה אַליין א גרויסע סרכה. מיט וועלכע אונזערע שונאים האָבען אונז. יודען, געוואָלט טרפה מאכען אין די אויגען פון

דער גאַנצער וועלט. דער ליעבּער דאָקטאָר, זאָל לעבּען, האָט אונז מיט דעם אַודאי געטהון אַ גרויסע טובה. מיין באָבּע, — זאָל האָבּען אַ ליכטיגען גן-עדן — פלעגט אָבער זאָגען, אַז דאָס בעסטע און געשמאַקסטע שטיקעל פלייש איז פון אַזאַ יאַלאָוויקע, אויף וועלכער עס איז געווען אַ סרכה, און וואָס שווערער עס איז געווען אַראָבּצוזנעהמען די סרכה איז דאָס פלייש אַלץ כשר'ער... אָט דאָס — פלעגט זי זאָגען — איז טאַקע אַן'אמת יודיש שטיקעל פלייש...

דער רעיון הציוני איז אַודאי פון אָנהויבּ-אָן געווען אַ כשר'ער רעיון; נאָר כּדי די גאַנצע וועלט זאָל ארויסזעהן בּעשיינפּערליך. אַז דאָס איז טאַקע אַן'אמת'ער יודישער רעיון, איז נויטיג געווען, אַז ער זאָל האָבּען אויף זיך די אַלטע „קהל'שע" יודישע „חתימה" — אַ דאָנאָסיל, און טאַקע אַ יודישען דאָנאָסיל... דאַנקען גאָט, דאָס איז שוין אויך דאָ... דער הושענא'ווקער רב זאָל לעבּען האָט אַודאי בּכוונה ניט געהאַט צו טהון די טובה דעם ציוניזם, נאָר אויסגעקומען איז דאָס גוט... די רבּנים פלעגען מאַכען אויפשריפטען נור אויף וויין, מעד וכדומה זאַכען: „כּשר לפסח"; דער הושענא'ווקער מורה-הוראה האָט געמאַכט אַן'אויפש־יפט אויף דער אידעע הציונית אַז זי איז כשר אויף אַלע ימים-טובים און אויף אַ גאַנץ יאָהר, און איצט איז זי שוין אַודאי אַן'אמת-יודישע אידעע: די סרכה — דאָס דאָנאָסיל — האָט איהר צוגעגעבּען טעם... וואָס נאָך דאַרף מען? „ווייקען" און „זאַלצען"? גענוג, יודישע קינדער, גענוג האָט זיך דער רעיון געווייקט אין אונזערע געזאַלצענע טרעהרען... ער איז שוין כשר לכל הדעות. אין מיין ישראל'יק האָט אַ גרויסען טעות. דאָס וואָס איהם ווייזט אוים פאַר אַ חלום,

# „זשידאווסקאיע באגאמאליע".

אדער

# א חלום אין א זומער־טאג

---

פערזאָנען און אקסעסוארען:

מאדאם איזאבעלא סטיעפאנאוונא עסטפאפראוועטזיק.

סאלאמאן מארקאוויטש — איהר מאן.

די אלטע מוהמע.

מאדאם יק״א.

דער ארבע־כנפות.

דאס רויטע העמדעל.

דאס בלויע העמדעל.

דער קאנטשיק.

די נאגאיקע.

---

א דאַטשע אין דער אומגעגענד פון דער גרויסער שטאָדט רמות־הקבקים. נאָך־מיטאָג־צייט. היים, פארנע, עס קלויבען־זיך וואָלקען, עס גרייט־זיך א שלאַקס־רעגען.

אין גאָרטען, אונטער׳ן דונקעל־גרינעם סכך פון אלטע סאָסנעס, ליעגט אין א הענג־נעץ (גאמאק) די מאדאם איזא־

אונ זי — זי פיהרט געשרעמט
צו'ם טאַנץ אַ גענעראל...
זי טאַנצט — און די קאַפעלע
שיסט־אויס ווי אַ הארמאַט:
„— מה יפית, איזאַבעלאַ
סטיפאַנאָוונאַ! וויוואַט!!!"...

און אין איין אויגענבליק ווערט פערשוואונדען דער וואַלד מיט'ן באַל, מיט די עפּאָלעטען... איזאַבעלאַ סטיעפּאַנאָוונאַ חאַפּען־אַרום עפּיס אַ פּאָר אַלטע, דאַרע, ציטערדיגע הענד... און אַ ציטערדיגע שטימע דערהערט־זיך איהר נאָהענט־נאָהענט ביי'ם האַרצען:

— זאַבעלעצקע... אַי!... שרה־ביילעצקע... פלימעניצע מיינע טייערע! פון וואַנעט האָט דיך גאָט געבראַכט אהער?...

איזאַבעלאַ סטיעפּאַנאָוונאַ:

— וואָס איז דאָס מיט מיר?... וואו בין איך?...

די אַלטע מוהמע:

ווי הייסט — וואו ביסטו? נאַרעלע,
האָסט אַלץ פערגעסען שוין? —
אין גורה'ווקע, בשמה'ניו,
אין גורה'ווקע, מיין קרוין!...
און זעהסטו וואָס עס טהוט־זיך דאָ?
אין גורה'ווקע איז איצט,
נישקשה, גאָר ניט אומעטיג, —
עס דונערט און עס בליצט,
עס רוישט, עס זירט, געהט חאָדאָראָם...

אליין אין סאַמע פייער
און שלעפּ אין פייער דיך!...

(חאַפּט איהם־אָן פאַר איין כּנפה און שלעפּט צו־זיך...)

## דאָס בּלויע העמדעל:

(חאַפּט־אָן פאַר דער אַנדערער כּנפה)

אָט איז זי די קראַמאָלאַ!
אָט איז דער דעמאָקראַט!...
וועסט האָבּען די מפּלה,
וועסט זיין מיט מכּות זאַט!...

(קעהרט־איבּער אין מויל אַריין אַ סאַראָקאָווקע)

איך מאַך דעם גרויסען קידוש
(אויף גוי'עש, ניט אויף יודיש)
און „אַרבּעט" ווי אַ קאַט,
און אַלץ בּלייבּט „שיטאָ־קריטאָ"...
שריי קאַראַאול צו גאָט, —
דו ווייסט, וואָס פאַר אַ שליטה
דאָס בּלויע העמדעל האָט?!...

(רייסט־אָבּ אַ שטיק און לאָזט־זיך אַוועק צו דער קאַזיאָנקע)...

## דער אַרבּע כּנפות:

(קוקט־זיך אַרום דערשראָקען)

גוואַלד, וואָס טהוט מען, ליעבּע יודען?

## סאָלאָמאָן מארקאָוויטש:

(שטופט-אָב די מאַדאַם יק"א און נעהמט זיך
אָן בײַ די איבעריגע בײדע כנפות)

שטעה, שטעה! איך דארף דיך האָבען דאָך!...
האַלט-אײַן איהם, ליעבע מוהמע,
א פּאָר חדשים תּאַטש, ביז נאָך
די װײַבאָרעס אין „דומע"...
ניט איהם — זײַן „גאַלקע" דארף איך נאָר,
און זאָל ער לויפען, פליהען
דערנאָך צו אַל'די גוטע יאָהר
אין... האָצעקלאָץ... אין ציון...
אין מדבר-סן... צו'ם טערק, צו'ם גרעק...
אַהין, אַהער, פון עק ביז עק...
זאָל דונערען און בליצען
און זאָלען פּלאַצען בארג און טהאָל,
אַבי נאָר, מוהמעניו, איך זאָל
אין „דומע" בלײַבען זיצען!...

שלעפּט איהם אויף די װײַבאָרעס... נאָר באותו רגע פּאַלען-אָן אויפ'ן ארבע-כנפות דער קאַנטשיק און די נאַגאַיקע... צווישען קאַנטשיק און דער נאַגאַיקע קומט-פאָר אזא סכסוך:

דער קאַנטשיק.

לאָז מיך צו איהם! כ'בין בילכער!

די נאַגאַיקע.

— גו?!
וואָס איז? ערקלער נאָר, זאָג!...

דער קאנטשיק:

איך שטיים אויפן יאריד פארשעמט.

די נאגאיקע:

איך שטיי פון טאג צו טאג.

דער קאנטשיק:

פאר פיטער און פופציק פרוטות גיב איך שטיין...

די נאגאיקע:

— נו, איך פארשטעה:
איין פרוטה בלק לשיער איך
און שטיים א נאגעטן יאהר...

דער קאנטשיק:

איך שטיים אויפן ביז דער פאלגט מיך נים.

די נאגאיקע:

איך שטיים ביז איך ווער מיאוס...

דער קאנטשיק:

שמעטה, איך האב א חופה שוין!

די נאגאיקע:

און איך — א חתן גלאט...

דער ארבע־כנפות (צו'ם קאנטשיק):

— כ'פארשטעה נים, אטור, פון וואנעם האסט דו זיך

גענומען? דו, אלטער, אָבגעשמיסענער קאַנטשיק, וואָס קריכסט דו איצט אַרוים פון דיין רוהע?!...

דער קאַנטשיק (קריכט־איבער):

— אלטער... אָבגעשמיסענער... ניין, ברודערקע! איך בין ווי אין פסוק שטעהט, יחדש כנשר נעוריו, ווידער ניי און ווידער פריש! — מיך האַלטען איצט אין דער האַנד: א רב אין אַנ'אָבגעבּרענט יודיש שטעדטיל, וועלכער פרעסט־אויף די נדבות פאַר די אומגליקליכע נשרפים און אביונים; א יוד א גביר, א גבאי פון חברה־קדישא, וואָס פערקויפט דעם בית־עלמין א גוי א שונא־ישראל און וואַרפט אַרוים די אויסגעלייטערטע יודישע ביינער פון די קברים; א יוד אַנ'„אַגענט" אויף אויסציוויגען בּי'ם יודישען עמיגראַנט דעם לעצטען טראָפּען בלוט פון די אָדערן און דאָס לעצטע ביסעל מאַרך פון די בּיינער, און אָבער־אַמאָל א רב, א מורה־צדק, וואָס גיט אַרוים אַט דעם בלוטזויגער א הסכמה אויף יושר און עהרליכקייט... וכו', וכו' —

נאָך אועלכע גאַנצע צוואַנציג...
אָהן רחמנות און אָהן שאַנד
האַלטען זיי דעם אַלטען קאַנטשיק
אין דער האַנד,
און אָט די פּאַרשווינען, כ'לעבען,
שלאָגען בעסער טויזענד מאָל
פונ'ם אַלטען, קראַנקען רבי'ן —
אָהן א מאָס און אָהן א צאָהל;
שלאָגען מעהר פון אַלע שונאים,
און עס ברענען, פול מיט היץ
און בזיון, אויפ'ן פּנים

ביי ווען יודען די פיטנים
פון די שטן...

דער קאנטשיק פון איין וויס און די גאנציקע פון דער אנדערער געהערען צו דער ארבייט...

פינף ארבע-כנפות בלייבען ליגען עפליכע בראנטען, צושטיכענע, פערפלאנטערטע...

און אויף די פארקאנס, טירען און לאמפערנעס ווערט איינגעקלעפט א״אביאוויליעניע״*). אויף וועלכער עס לייכטען און פינקלען די ראזגע פלאמפייערדינע ווערטער:

*) Такого-то числа, на углу Кутузкиной улицы и Назюзюкина переулка найдены обрывки жидовскаго богомолья, арбаканфесъ. Собственникъ онаго,—къ розыску котораго приняты самыя энергичныя мѣры,—за нарушеніе общественнаго порядка и благочинія будетъ наказанъ по всей строгости законовъ.

Городничій

Онуфрій Перебеймордa.

א רערשראקענע האבס-ויך אויף איזאבעלא סטיעפאנאוונא...

---

*) און א געווייסען טאג, אייצ׳ן ווינקעל פון קיטוזקאווער גאס און נאזיוזיוקעס געסעל האט מען געפונען צוריסענע שטיקלעך פון א יודישע-

זי קוקט־זיך ווילד ארום... רייבט די אויגען... טהוט א לאנ־
גען, טיעפען זיפץ און...

און הייסט זיך דערלאנגען מאראזשענע...

---

גאטעס־דיענסטליכעס „ארבע־כנפות". דער אייגענטהימער דער פון — צום
אויסזוכען פון וועלכען זיינען אנגעווענדעט זעהר ענערגישע מיטלען, —
ווערט בעשטראפט ווערען מיט דער גאנצער שטרייננקייט פונ'ם געזעץ פאר'ן
שטערען די געזעלשאפטליכע ארדנונג און אנשטענדיגקייט.

שטאדט־פערוואלטער

אגופריי מארדעברעבער.



צו דעם קוואל פון ליכט און פריידען,
מוטה און פרייהייט, קראפט און גליק...

איך בין דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעפאָהרען מיט מיין טאַטען ע"ה אויף דער ליכטיגער וועלט און אָבּפאָהרענדיג אַ וויאָרסט דרייסיג פון גזרה'ווקע האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט פיטערן די סוסים אין מאָהילנער טראַקטיר.

ביים טויער פון דער קרעטשמע האָט אונז מקבל פּנים געווען דער בּעל־הבּית אַליין, רב יודעל האָט ער געהייסען, און אויף זיין קייליכדיגען, רויטען פּנים'ל איז געלעגן בּעת־מעשה אַזאַ ליכטיגע פרייד, אַזאַ פערגעניגען, גלייך ווי ער וואָלט שוין יאָהרען־לאַנג ניט געזעהן אַ לעבּעדיגען מענשען אין די אויגען.

נאָר רב יודיל, בּעדאַרפט איהר וויסען, איז שוין פון דער טבע געווען אַ מענש אַ שמח וטוֹב־לב, און דאָס ליכטיגע שמייכעלע פלעגט ניט אַראָבּ פון זיינע ליפּען אפילו דעמאָלט, ווען די פּלוֹנית'טע זיינע, רחל די לאַנגע, פלעגט זיך נעהמען איהם מוסר'ן אויפ'ן הייכען שטייגער, ווי דער מנהג איז אין גוטען, שטילען יודישען פאַמיליען־לעבּען.

אַז מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין „ריינעם" צימער פון דער קרעטשמע, איז דאָס ערשטע, וואָס איך האָבּ דערהערט פון יענער זייט טהיר, געווען:

— נו, געה שוין, דו, לעבּעדיגער קאָזאַק!... געה, ריהר זיך, אוֹצר מיינער!...

„אוצר", „לעבּעדיגער קאָזאַק"... עפּיס גאָר מאָדנע דבּורים

ביי א יורענע. וואס מיינט דעם „שלים־מזל׳ אויזרען, דעם מאן חיים עס... פון וואנען האט זיך דאס ביי איהר גענומען!

---

אויף דריטען האט זיך איפגעהויבען א שנייעשטורם — א שרעק. דער ווינד האט געפייפט, געבריליט; גאנצע וואלקענס שניי האבען זיך געדרעהט און פערשאטען די אויגען. פאהרען ווייטער איז געווען אונמעגליך, און מיר זענען פערבליבען אין דער קרעטשמע ביז אויף מארגען בעגינען.

אויפ'ן מיט האט געזודם און געזונגען זיין ליעב אלט ליעדעל דער סאמאוואר. און אלקעריל נעבען דער „ריינער" האָרנבעטע איז געזעסען דער מלמד און געמיטעם יודעלים יונגעל פון פרשה יתרו:

„לא תגנב — נים גנב איז דאס וואס דו מהיסט..."

„נבל תבל — דו ווערסט איבערמאכען אי זיך, אי דאס פאלק..."

„קלויב דיר אויס פון גאנצען פאלק מענשען פעהיגע, גאטספארכטיגע, מענשען מיט יושר, נים קיין האבארניקעס און שמאל ווי איבער'ן פאלק..." האט זיך געהערט פון אלקעריל דעם יונגעל'ס הילכיג, ריין קול'כעל.

— ט, ט, אזוי מיינער... לעבעדיגער קאזאק... ריהר דיך, שלאף נים! — האט געשטענהט פון דער אנדער וויט רחל, האלטענדיג אין אין סקרין יודלען, וועלכער האט נים אויפ־געהערט צו שמייכלען, ווי זיין שמייכער איז געווען.

דער „אוצר" מיט'ן „לעבעדיגען קאָזאַק", ווי איך האָב אין ניכען דערוואוסט, זענען געווען איינג און פעסט פערבונדען מיט א גאַנצער געשיכטע, פון וועלכער עס איז נולד געוואָרען דער מאָהילנער טראַקטיר מיט רב יודלען דעם בעל־הבית מישטיינס־געזאָגט און מיט רחל דער בעל־הבית'טע.

---

ואלה תולדות מאָהילנער טראַקטיר:

אויף זיין חוטאָר, בירושה פון זיידען, איז געזעסען איינער א האָחאָל קוזמא לוקיטש זאַזוליא. זיין פעלד־ארבייט פלעגט בע־שטעהן פון א שטיקעל ערד, גרויס ווי א טאָוועל פון א „קרבן־מנחה" להבדיל, פערוויִיהט מיט הירז, באָב, קוקורוזא און לינזען, פון א פיצעל גאָרטען מיט קאַוועגעס, אוגערקעס וכדומה, מיט א גאַנצער פלאַנטאַציע פאָרסאָלנוחעס („קערלעך", ווי מ'רופט זיי ביי אונז פשוט); צוויי מעלקעדיגע קיה, א האלב טוץ חזירים. עטליכע גענז און היהנער האָבען זיך געפיטערט אין דעם גרינעם געמויזעכץ ביים חוטאָר, געפרוכפערט און געמעהרט־זיך און גע־געבען דעם בעל־הבית חיונה בכבוד, ס'הייסט — סאַלאָ, האַלעשקעס און בראַנפען אויפ'ן פולען מויל כמנהג הזאפּאָ־ראָזשצעס אין אונזער געגענד.

רב יודעל להבדיל איז געווען א יוד א סוחר, — גע־האַנדעלט מיט ווייץ, מיט פלאַקס, מיט וואָל, מיט פעל, און אז עס פלעגט זיך מאַכען קויפען א שטיג גענז, עטליכע פונט חויר־האָהר, א פערדיל, א קעלביל, איז אויך געווען סחורה, אבי מיט רוח; און אין גרוינעווקע, וואו רב יודעל האָט פריהער געוואיינט, האָט מען איהם געשאַצט אין עטליכע שעהנע אלפים

רינגל. אַרומגעדרייט איבער דערפֿער און הומאָרעס פֿלעגט רב יודל פֿאַרקערן אויך צו װאָװליען.

ויהי היום, אין אַ קאַלטן און פֿינצטערן אָסיען־אָװנט איז געזעסן רב יודל אויפֿן הומאָר ביי װאָװליען. אויף'ן טיש האָט געבלאַקט אַ קגייט און אַ שערביל מיט חלב. און װאָװליא האָט געקרעכצט און געקלערט. האָלטעװעריט רב יודל'ען ביים לאַצקאַן...

— פּריטשיישיאַ... צו חלום געקומען — װאָגסטו? פֿרעגט רב יודל.

מאַ קאָשעוש מאָבי — ענטפֿערט װאָװליא — געקומען צו חלום און זאָגט: „קוזמאַ. צוגראָב דאָס בערגיל נעבן הומאָר און װעסט דאָרטן געפֿינען..."

— װיפֿיעל — האָט ער נישט געזאָגט?

— ע, װאָס איז שייך, װיפֿיעל! מען זאָגט דאָך דיר, אָנ'איצר! סוויטע אוראַי זיין געניג פֿאַר אונז ביידען... איינס נאָר איז נישט גוט: פֿאַר װי דו װייסט דאָך, איז איצט און אונזער געגנט בכלל פֿאַרבאָטן צו גראָבן אוצרות...

— װאָס־װעסטו מהוט מען?

— אדרבה, זאָג דו, גיב אַן עצה...

---

אַ גאַנצן װינטער איז רב יודל אַרומגעגאַנגען װי אין חלום; עטליכע מאָל איז ער געפֿאָרן אויפֿן הומאָר און װאָװליא איז נישט געלעגן נעזעצן ביי אידם און גריינעשיקע. — און אַז

ס'איז געקומען דער פריהלינג, האָט מען געקאָנט זעהן ביי זאַזוליען אויפ'ן חוטאָר עפּיס גאָר מאָדנע זאַכען: וועגען מיט געהילץ, מיט שטיינער, מיט קאלך האָבען זיך געשלעפּט אהין און צוריק; אַ גאַנצע מחנה חלאָפּצעס האָבען געאַרבּייט פון בעגינען ביז אָווענד... וואָס איז? זאַזוליאַ מיט רב יודלען האָבען געסטרויעט אַ ביער-בּרויעריי...

אַ חוֹדש צייט האָט מען געפיהרט מאַטעריאַל, געגראָבען און געלעגט אַ פונדאַמענט א. ד. ג. דערנאָך האָט זיך די אַרבּייט אָבּגעשטעלט, די חלאָפּצעס זענען אַוועק אין סטעפּ צום סיענאָקאָס; אויפ'ן חוטאָר איז געוואָרען פּוסט און שטיל...

פּוסט און שטיל איז געווען אויפ'ן חוטאָר, און קיין איינציג אויג האָט ניט געזעהן, ווי יעדע נאַכט האָבען געאַרבּייט בּיי דעם קורגאַן צוויי מענשען, זאַזוליאַ און רב יודעל... די הענד האָבען בּיי זיי געציטערט, דער שוויים האָט גע̇גאָסען פון זיי ריטשקעסווייז... זיי האָבען געגראָבען און געגראָבען, געזוכט און געטאַפּט און לסוֹף טאַקע געפונען... וואָס? אַ שטיינערנע טרונע און אין דער טרונע — אַ קאָזאָק!!!...

---

— הערסטו, רחל? — פלעגט דערנאָך דערצעהלען רב יודעל — איך זאָג דיר: אַ לעבּעדיגער! ממש אַ מענש, וואָס שלאָפט זיך געשמאַק און רוהיג... און אַלץ כּדבעי בּיי אַ קאָזאַק: די בּלויע טשאַמאַרקע מיט די בּרייטע, בּרייטע פּלודערן, מיט דער שמויסענער הויכער היטעל, מיט הכּל בּכּל, אַנ'אויסגעמאָקטער, אַ לעבּעדיגער קאָזאַק!... נור מיינסטו אפשר לאַנג איז געווען נחת צו קלויבּען קוקענדיג אויף דעם נפש? אַ מינוט,

אפשר צוויי: עס האָט אַ בליץ געטאָן אַ קיהל ווינדמעלע פון
פעלד און עס איז געוואָרען עטר וואפר. — דאָס הימעל, די
סטאַטאַרקע, די שטיעל — אַלץ האָט זיך אין איין אויגענ-
בליק צושאָטען אויף שטיב, אַפילו פון די ביינער ווינע איז
קיין זכר נים געבליבען... געפונען האָבען מיר נאָך: אַ צו-
פרילטען וואַטעל מים קוטרנע בליאשקעס, אָנ'אָבגעשטיפטע
גאַגאַטיקעס, אַ לולקע, אַ טראַנטע. וואָס איז אַ מאָל געווען
אַ קיטעס מים מיזמין און ווֹאַבען פערשימעלטע קוטרנע פּיאַ-
טאַקעס מוזן...

— און דאָס האָט אַבגעקאָסט מי יודע וויפיעל, אַ פער-
מעגען! אַז אַך און אַז וויעה איז צו מיינע יאָהרען! — האָט
געקלאָגט רחל — אַנ'אוצר, אויף אַלע שונאי ישראל געזאָגט!
אַנ'אוצר... אַ לעבעדיגער קאָזאַק...

— אָבער מאַקע אַ לעבעדיגער!... הערסטו, רחל, איך
זאָג דיר...

II.

„... קלייב דיר אוים מענשען — האָט און אַלקערייל
געביימשט דער מלמד מים'ן יונגעל — קלייב דיר אוים מענ-
שען פּעהיגע, נאָבעלפאַרבאַנע. מענשען מים יושר, וואָס האָבען
פּיינד תאַבאַר און שמעל די איבעריגע פאָלק... און וואָלען זיי
משפּטן דאָס פאָלק...“

און דאָס קינד האָט נאָכגעטייטשט נאָכ'ן מלמד וואָרט
נאָך וואָרט, ליענענדיג די געשיכטע פון דער סדרה יתרו —

די געשיכטע פון דער גרויסער רעפארם, פון „ערשטען גלאסני סוד" מיט די „פריסיאזשנע זאסעדאטעליעס". וואס איז איינגע־פיהרט געווארען אין מדבר סין, אין דעם אלטען, וויסטען מדבר...

דער שניי איז אראפ פון די פעלדער, דאס אייז פון די טייכען... גרינע גראז און פרישע בלומען האבען בעדעקט די בערג און די טהאלען... „פרשה יתרו" איז געגאנגען אין רוס־לאנד, און דאס גאנצע לאנד האט זיך געגרייט צו א נייעם, ליכטיגען, פרייען לעבען...

יאהרען זענען געגאנגען... יאהרען זענען געפלויגען...

ניט ווייט פון זאזוליעס חוטאר, אויפ'ן גרויסען שליאך צווישען אונזער גזרה'וקע און רמות־הקצפים איז געשטאנען דער „מאהילנער טראקטיר". רב יודעל איז געווארען אלט און שוואך, איז אונטערגעוואקסען זיין יונגעל און האט זיך גענומען פיהרען דעם טאטענ'ס געשעפט; אין א יאהר פופצעהן ארום איז דאס יונגעלע שוין אליין געווען א טאטע מיט אנ'איינענעם סקלאד פון י"ש און שפ־רט און ניט נאר אין גזרה'וועקע, שטוינעווקע און גרוינעווקע, נאר אפילו אין דער גרויסער שעהנער שטאדט רמות־הקצפים האט מען געקענט און געשעצט ניט איין רב יודלען... עס האבען זיך בעוויזען פיעל מיוחסים און גדולים למשפחת השינקרים... און אט דאס איז געווען כמעט אלץ, וואס ביי יודען איז געבליבען אין אונזער געגענד נאך דער סדרה יתרו מיט די גרויסע בעפרייאונגס־רעפארמען פון יענע ליעבע, ליכטיגע יאהרען...

---

חלום חלמתי...

איך פאָהר ווײַטער מיט׳ן גרויסען שליאַך... איך פאָהר פון דער שענער און פרעהליכער שטאָדט רמת־הקצפים אין אינדער וויסט און אָרים שטעדטיל גזרה־יוקע...

איך פאָהר אויף קבר־אָבות און שטעל זיך אָב אין מאָהילנער טראַקטיר...

אַנ׳אַנדערער רב יודעל מיט אַנ׳אַנדער רחל האַנדלען מיט „טאָנאַפּאָלקע׳ מישטיגנס געזאָגט... פינסטער און וויסט איז רב יודעל׳ס פּנים... אויס, נישטאָ דאָס ליכטיגע, ליעבע שטיבעלע, נישטאָ די פריידי, דאָס פערגעניגען וואָס אַמאָל... דער איצטיגער רב יודעל קריכט נים זוכען אוצרות אין די אַלטע פערשימעלטע מאָהילניקעס... דער קאָזאַק אָבער, און טאַקע אַ לעבעדיגער, קריכט אַליין אַרויס פון זיין רוה... און אַ פּחד, אַנ׳אימת־מות פאַלט ווי אַ שוואַרצע חמאַרע אויף בערג און אויף טהאָל... און אין אַלקעריל וויינט ווידער דער מלמד איינגעבויגען און איינגעהויקערט און טייטשט מיט׳ן יונגעל ווייטער פון פּרשה יתרו:

— לא טוב, נים גוט איז — טייטשט דער מלמד — דאָס וואָס דו טהוסט מיט׳ן פאָלק... קלויב דיר אויס פון גאַנצען פאָלק מענשען פעהיגע, גאָטספאָרכטיגע מענשען מיט יושר, נים קיין חאַבאַרניקעס׳... ואתה תחזה — זאָגט דער פסוק — קוק דיר אויס מכל העם — הערסט? — מכל העם, פון גאַנצען פאָלק, אָדער נאָך ריכטיגער: פון אַלע פעלקער. וואָס

וואוינען אין די מדינות פון גרויסען און אָבגעשלאָפּטען, שטאַר-
קען און הונגערינגען קעניגרייך..."

---

דו, אלטער, נאַרישער מלמד! רב סובאָרין און רב קאָ-
מאַראָוו, רב גרינגמוט און רב קרושעוואַן טײַטשען אַנדערש דעם
פסוק, — "מכל העם" הייסט: פון אַלעמען חוץ יודען... עס זאָל
פון זיי קיין זכר ניט זיין אין דעם נייעם גרויסען סנהדרין...

און אָט איז שוין אַלץ פאַרטיג: מענשען פעהיגע, גאָטס-
פאָרכטיגע, מענשען מיט יושר יושבים ועטרותיהם על ראשיהם—
זיצען בעקרוינט מיט פאָלקס-צוטרוי צו זייער פערשטאַנד און גע-
רעכטיגקייט און בעקלערען די חוקים און משפטים, וואָס זענען
נויטיג פאַר'ן לאַנד... און אין דעם אוהל-מועד פון דער "רוס-
קאָיע סאָבראַניע" לייענט מען רעפעראַטען, צעהנדליגער, הונ-
דערטער רעפעראַטען, נאָר אין זיי זאָגט קיינער קיין איינציג
גוט-וואָרט ניט פאַר יודען... איז דאָס דען אַ יושר?

— ניין! — זאָגט רב אַלעקסיי סערגייעוויטש סובאָרין:

הערט-אויס, מיינע פריינד, קאָמאַראָוו, קרושעוואַן,
גרינגמוט-לעב, דיערושימאָרדאַ וכו':
גלענצענד אויסגעפיהרט האָבען מיר אַלע דעם פּלאַן,
וואָס אָבער איז, זאָגט מיר די פּעולה?
אמת מאַקע, מיר האָבען נצחון אַ סך,
איינס אָבער איז שוואַך, ליעבע ברידערלעך, שוואַך:

מיר האָבען מלחמה ביי-טאָג און ביי-נאַכט
געהאַלטען מיט גבורה און כבוד:

ס'זאָל די יודען ערלויבט ווערען ווידער
„קאַססאַ סכודעם" צו עפּענען פריי, אָהן פערבאָט,
און בראַנפען פערקויפען אין דאָרף און אין שטאָדט, —

ווידער שעפּען אין רוסלאַנד אַזוי ווי אַמאָל
פון שענק די פּרנסה די פיינע,
און מיר וועלען אויפהויבען ווידער דעם קול
מיט אַ קלאָג פון דער אַלטער בת־יענה:
„זשיד־פּיאַווקאַ! זשיד־יאַווואַ!... רעביאַטאַ, פּאָראַ!
נעהמט זיך פלייסיג אַקאָרשט צו דער אַרבייט! הוררא!!!"

---

„הוררא!!!" — האָט אַ דונער געגעבען אין זאל...
די מאָה די שווארצע האָט בראַוואָ
געפּאַטשט... ס'האָט געפּליעסקעט אַזוי ווי אַ קוואַל...
עס זענען פון יעדער קאַנאַווע
געקראָכען באָסיאַקעס, געלאַכט און געבּרילט,
געטאַנצט און געפייפט און געקוליעט זיך ווילד...

נאָר רב יודעל מיט רחל'ען זענען זיך געזעסען רוהיג אויף זייער נחלה, ס'הייסט אין „קאַססאַ־סכוד" און אין שיינק, וואָס עס איז זיי אָבגעגעבען געוואָרען אָנשטאָט אַלע אַנדערע „ביר־געֶרליכע רעכט" און האָבען געצאַפּט פּרנסה בכבוד פון פעסעל אין פלעשעל און פון פלעשעל אין קעשענע...

---

חלום חלמתי — אַ שווערען, אַ בייזען, אַ פינסטערן חלום...

רבונו־של־עולם! אין דאָס איז אַלץ, וואָס עס וועט אונז, יודען, בלייבען, נאָך דער צווייטער „סדרה יתרו" אין רוס־לאַנד?!...

# אקלארע תשובה*)

## אַ בריעוועל צום רעדאַקטאָר.

---

געעהרטער הערר!

דעם דאָזיגען בריעוועל האָט מיר צוגעשיקט אַ בעקאַנטער יונגערמאַן מק"ק שמוינעווקע, אַ בחור'ל אַ לייטיש קינד, מיט אַ בקשה דורכלייענען עס און זאָגען מיין מיינונג. „אַז עס איז גוט — שרייבט ער — ווייס איך אפילו אליין, און אויף גוטעס דאַרף מען קיין מבין ניט, נאָר וואָס אַרט מיך — זאָגט ער — אַז עס וועט זיין אויף דעם אויך אייער הסכמה?"

אַודאי טאַקע, וואָס זאָל עס איהם אַרען?...

אָט איז דאָס בריעוועל:

ליעבער הערר רעדאַקטאָר!

די וועלט זאָגט אַ ווערטיל.. „וואָס עס וועט זיין מיט כל

---

*) אין יאָהר 1900 האָט דער „יוד" געהאַט פונאַנדערגעשיקט זיינע אַבאָנענטען פאָלגענדע פראַגען: 1) ווי אַלט זענט איהר? 2) וואָס איז אייער בעשעפטיגונג? 3) וואו האָט איהר זיך געלערנט? 4) וויפיעל מענשען לייענען אייער עקזעמפליאַר „יוד" אויסער אייך? 5) לייענט איהר אויך אַנדערע זשאַרגאָנישע ווערק? 6) לייענט איהר העברעאישע צייטונגען אָדער ביכער? 7) לייענט איהר אויך צייטונגען און ביכער אין אַנדערע שפראַכען און אין וועלכע? 8) וועלכע אָבטיילונג פון „יוד" געפעלט אייך?

ישׂראל לאָז זײַן מיט רב ישׂראלי. איך ברײַנג עס אָקענען רעם.
וואָס זאָל קיין עין הרע 40.000 יורען (איך רעכען דאָס די אַבאָ-
נענטען פון „יוד" — און אויף סמחר לאָז איך נאָם העלפען!)
וועלען זיך אויסקוועטשען שרייבען אַנ'עמפּער אויף די „פראַגען".
וואָס איזר דאָס צוגעשיקט סימן נומר 26, מאָ מיט וואָס בין
איך דאָס ערגער פון אַנדערע? ובפרט אַז שרייבען קען איך,
צײַט האָב איך און שרייבען ווילט זיך. אלא וואָס? דער לשון,
די מליצה, איז בײַ מיר אפשר נים אַזוי קונציג. מאָ ווענט איזר
דאָך אַ רעדאַקטאָר, גערעכט (קרעפּליך וואָלט איזר עסען!)
אַ פּען אין האַנד, מעקט אויס, שרייבט צו, מאַכט איבער ווי
אײַך געפעלט, עס מעג אפילו אַ וואָרט נישט בלייבען פון רעם.
וואָס איך האָב אָנגעשריבען, אַבי נור די חתימה מיינע. די
חתימה, פערשטעהט איזר מיך, זאָל בלייבען אינגאַנצען. וויאָרים
איזר ווייסט דאָך, אַז פאַר אונז, פאַרן רוב וואָרשאַווישע מחברים,
איז דער עיקר הדבר נור די חתימה, דער נאָמען זאָל זײַן גע-
דרוקט. און מייערער פון אַלץ איז דאָס בײַ אונז, שטיינעריקער
פאַטשען, מחמת וואָס אייגענטליך דאַרף מען צו פאַקויע?
גראַמען: טיש — ברייט, קנעפּעל — קאַפּיל, אשה — בהמה,
פלינקען — צינקען... עס שיט זיך ווי באַב. און עס וואָלט זיך
נאָר נים אויפהערען צו שיטען, ווען עס וואָלט נים שטעהן
אונטען די חתימה: אונטערגעשריבען זיך און אַ סוף — דער
זאַק פּיסן באַב מאַכט זיך צוטיף ביזן צווייטען מאָל, און אַזוי
גערעט עס ווי אַ מוסר בײַ היינטיגע פּאָעטען...

נאָר נים דאָס בין איך אויסען. איך האָב דאָך אָנגעהויבען
ווענדען די „פראַגען" אייערע און אויף איינע פון זיי וויל איך
ענטפערען נאָך מיין פערשטאַנד נאָך, טייל אין גראַמען, טייל

אויף פראָסט־יודיש. קיין גרויסע נייעס וועל איך דאָ ניט אויפ־טהון. דאָס וואָס איך האָב צו זאָגען זענען גאַנץ אַלטע זאַכען, נאָר כּדי מען זאָל זיי ניט פערגעסען, איז כּדאי צייטענווייז איבּערצו חזר'ן און דערמאָהנען זיי יענע אונזערע יודעליך, זאָלען לעבען, וועלכע האָבען אויף אַזוינע זאַכען אַ קורצען זכּרון...

---

די ערשטע פראַגע איי ערע איז:

— „ווי אַלט זענט איהר?
וואָס זאָל איך אייך אויף דעם ענטפערן?

* *

*

ווי אַלט איך בין — דאָס וויסען קלאָר
קען, דוכט זיך מיר, גיט קיינער:
מען זאָגט — כּמעט דריי טויזענד יאָהר,
נאָר דאָס מוז זיין אַ טעות גאָר,
און טאַקע ניט אַ קליינער...

יאָ, אמת, אָפט בין איך אַ בלינד,
אַ טויב — אַנ'עכטער זקן,
וואָס איהם קען גובר־זיין אַ קינד,
און פאַר אַ רעגען, פאַר אַ ווינד
בעהאַלט ער זיך דערשראָקען.

איך פיהל אין זיך קיין טראָפּען בלוט
און קיין געזונדען אבר;
פערלאָרען גלויבּען, קראַפט און מוטה —
פערשטעהע נור איינס, ווי זיס און גוט
עס איז דער שלאָף אין קבר...

פון לערנען, חזר'ן... און נאָך
ביז איצט גיי איך אין חדר...

מלמדים האָב איך פֿלערליי...
דערמאָהנענדיג־זיך נור אויף זיי
פערהאַפט מיר אויש דער אָטהעם...
צוויי טויזענד יאָהר אז אָהן אַ שעור
צוויי סדרות לערנען זיי מיט מיר —
אוי! „בלק" און „משפטים"!...

וואָס אָבגעקאָסט האָט רבי־געלד
און ווי מען האָט געשמיסען
בערעכנען — נעהמט מיך דורך אַ קעלט...
ניטאָ דער קאָנטשיק אויף דער וועלט
וואָס כ'זאָל זיין טעם נישט וויסען!...
גענוג געהאַפט אי קלעפ, אי שמיץ,
גענוג געפּיהלט אי קעלט, אי היץ
און צרות אָנגעקליבען...
גענוג געקנעלט מיט מיר, — און דאָך
אַ חדר־יונגעל בין איך נאָך
ביז איצט, ביז איצט געבליבען!...

ניט געקלערט און ניט געטראַכט —
וואָלט איך הערען טאָג און נאַכט
בבא־מעשות, ליעדלעך
פון דער ווייסער ציגעלע
הינטער אונזער וויגעלע,
פון די רויטע יודלעך...

זיסע מעשות אָהן אַ צאָהל
פון משיח'ס צייטען,

דער קאָפּ פערדרעהט...
איך בלייב אָהן הענד...
דער האַנדעל געהט,
דער האַנדעל ברענט —
מיט פעך
מיט בלעך,
מיט האָלץ,
מיט פויגעל־מילך, מיט יקנה"ז,
מיט צוועקעס, מיט קמעות,
וואָס העלפען באַלד צו וואָז איהר ווילט,
סיי אָבגעביהט און סיי פערקיהלט, —
איך שוועהר ביי באָרד און פאות!...
וואָס ווילט איהר נאָך? אויך האַנדעל איך
מיט בשמים, מיט חליצה־שיך.
מחזורים און סדורים
און גרייגערעס אויף פורים,
מיט זאַלץ,
מיט שמאַלץ,
מיט ווינד, מיט רויך
און מיט אתרוגים אויך,
מיט וויין,
מיט ליין,
מיט וואַקס,
מיט פלאַקס,
מיט אַלע מינים תבואות,
מיט פרישע גרינס אויף שבועות.

ביי מיר בעקומט איהר עסיג, מהיי,
טלתים־קטנים אַלערליי
און זייף, און יאַרמעלקעס, און היי,

און אַרום אויער היילט — תּפֿילות
לאַנגע ווי דער גלות...
אַ גיל — און טאַנץ
און ווך און תּפֿה,
און ווילדע און סקהל,
און פּריז און קליינ;
און שטאַרב דריי מאָל!
מיט קינד און ווייב
און קריינק, און פּלאַג,
און טיפ, און קלאָג
פֿאַר הונגער יקרים נאָך...

— — — — — — — — —

---

נאָר דאָס איז דאָך — וועם אידר זאָגען — נור מליצה פּאָעזיע. און אידר, העדר רעדאַקטאָר, דאַרפֿט דאָך סטאַטיסטיק; אידר ווילט סאַקע נומערן, און איך וועל געבען סטאַטיסטיק איך.

די 4-טע פֿראַגע איז: וויפֿיעל מענשען לייענען אייער עקזעמפּליאַר „יודי“ אויסער אייך?

איסער מיך און אונזער גאַנץ הויז-געזינדעל וואָל לעבען לייענען מיין „יודי“ דריי הינט, ד. ה. שטיינעוקער יודען: אונזער פּאָדריאַטשיק, אונזער אַפּטייקער און אונזער ראַבינער.

דער פּאָדריאַטשיק שרייבט איים די „טבערנסקיא וועדאָמאָסטי“, ווייל די וועלען אידם ניטינג צו מאַרגען און פֿאַר-

ריאַרען; חוץ דעם שרייבט ער אויס אונזער שמוינעווקער רוסישע גאַזעט אויך, מחמת ער איז בעקאַנט מיט דעם רעדאַקטאָר און שפּיעלט מיט איהם אין קלוב אין קאָרטען, איז איהם — זאָגט ער — שווער אויסצושרייבען נאָך אַ דריטע ציימונג, עס וועט דאָך אָבקאָסטען אַ יאָהר מי יודע וויפיעל! — נאָר לייענען איז ער אַ בעלן, שיקט ער צו מיר יעדע וואָך אַנטלייהען דעם נומער.

דער אַפּטייקער וואָלט אַפּילו אַליין אויסגעשריבען דעם „יוד", נאָר די מניעה איז, וואָס דאָ ניט לאַנג האָט ער גענומען צו זיינע צוויי פּאַניצלעך אַ גאָווערנאַנטקע, אַ קריסטליכע, און חאָטש — זאָגט ער — זי מוז וויסען אַז ער איז אַ יוד, און ער ווייסט אַז זי ווייסט טאַקע אַז ער איז אַ יוד, דאָך פּאַסט ניט — זאָגט ער — אַז אין אַזאַ הויז זאָל אָנקומען אַ יודישע גאַזעט, שיקט ער צו מיר זיינעם אַ „אַפּטעקאַרסקי אוטשעניק", אַ יודיש יונגעל, און נעהמט ביי מיר מיין עקזעמפּליאַר.

דער ראַבינער אונזערער וועט — ווי ער זאָגט — אין אַ יאָהר צוויי-דריי אַרום איה"ש אַליין אויסשרייבען אייער ציימונג און דערווייל נעהמט ער דעם „יוד" ביי מיר, מחמת — איך וועל אייך זאָגען בסוד — ער לערנט זיך נאָך ערשט לייענען... ער איז, פערשטעהט איהר מיך, פון די נייע, פון די היינטיגע ראַבינערליך...

אויסער די דריי בענוצט דעם „יוד" נאָך איינער אונזערער אַ שמוינעווקער, רב בתריאל-בער פּאַבריקאַנט (ער פאַבריצירט טרוקענע הייוועז). אַליין לייענען, זאָגט ער, האָט ער קיין צייט נישט, נאָר הערען נייעס פון אַ גאַזעט האָט ער ליעב און איבער-הויפּט אינטערעסירט ער זיך מיט פּאָליטיקע, למשל, וואָס

נוט ניט נור צו דער הגדה אליין, נאָר אויך אויף אלע נעכט פון א גאַנץ יאָהר, אויף אלע פינסטערע נעכט פון אונזער אימעטיגען לעבען...

פון מיר אייער אבאָנענט

שמואל חינקע־פריידעס באבראווער.

שמוינצוקע



# חיים'קע קראַמאַלניק

און

# יענקעלע חקרן.

א שטיקעל קאַטאָרגע מיט כּפרה־ליקערס, ווערטל־פּעטליך, מחוץ־
פּטרון, פּרינצליך און בונטס, גרישה־תנ'זליך, שווארצע פּאָרטען
און מיתה־משונה'ס

— — — —

די סאַמע שטעלט־פאַר א וואַלד אָהן ווענט און אָהן
סטעליעס, אַנגעשטאָפּט מיט פּיכטען, גרויען נעבעל. דאָ און
דאָרט מהיען ציטערנדיג א בלישטש עטליכע רויטע חאַנרעל־
פּיטשעליך. צעשיטען זיך די צווייגען און ווערען פאַר־
פּאַלען אין'ם נעבעל. אויף אַג'אַלטער, קרומער ווערבע זיצט
א קראָה און צווייטעט זיך שרייענדיג: קראַ־מאַלאַ!... קראַ...
קראַ־מאַלאַ!... און א לאך פון אַגאַרינגעהילטען בוים ליעגט
פערשראָקען חיים'קע קראַמאַלניק מיט א שטיקעל פון א רויטער
פּאָקן און דער לינקער האַנד און מיט א „בּראָנבע" אויף א בויגען
הערבאָוס פּאַפּיר און דער רעכטער האַנד. ער ציטערט פון
קעלט, נענגעט און ליינט קריאת־שמע: „ואל יבהלוני —
שטאַמעלט ער — פּראָקלאַמאַציעס ווערען רעים ובונדיסטען
רעים... בוסני גראף הוידען, משמאלי פירסט טרובעצקאי

ומאחורי... פון דערווייטענס דערהערען זיך שטימען... חיים׳קע פערהאלט דעם אטהעם און בלייבט ניט טוידט, ניט לעבעדיג...

## דאס ערשטע בילד:

רייטענדיג אויף א מכשפה און ארומגעגארטעלט מיט א תליה־שטריק, פליהט אריין דובראווי.

### דובראווין:

זשאבעס! ראקעס!
וואלקאלאקעס!
בייזער שטורם־ווינטער!
גרינע פיפערנאטערען!
שווארצע קעץ און קאטערען!
גיט אנ׳עצה גיכער:
וואס פאר כדות
אויף די ושירעס
קאנען ווירקען בעסער? —
מיט נאגייקעס שמייסען זיי,
צו מיט צוואנגען רייסען זיי?
שטעכען זיי מיט מעסער?
כאפען, שלעפען,
הענגען, קעפען,
בראטען, פרעגלען, בריהען?
אדער בעסער פארערען,
אז מען זאל די אדערען
איינציגוויין זיי ציהען?...

(דערזעהענדיג גורקא׳ן)

ניט זארג מיין ליעבער גורקא!
מיר היטען דיך פון צרות...

איך האָב געהאַט אַנ'עלטער ווידען ;
געהייסען האָט ער אויך גראָף היידען,
אַ גענעראַל געוועזן אַ העלד,
געאַרביים מעשים אויף דער וועלט
אַ גענעראַל איז אויך מיין ווידע
געוועזן. ניט ווייניג האָבען ביידע
פערגאָסען בלוט. איך אַבער — ניין,
מיר איז אַודאי רוסלאַנד טייער,
און איך בין גרייט אין דומע געהן,
נאָר אַלס אַ פריעדליכער בענייער :
בענייען אַלץ אין אונזער לאַנד
מיט נחת פון אַ ברייטער האַנד,
מיט שפע פון אַ פולער שיסעל —
עס זאָלען אַלע ווערען זאַט,
געזונד און פריש, און פעט, און גלאַט.
עס זאָל אַפילו... סלישיש בראַט ? —
דעם יודען בלייבען אויך אַ ביסעל !...
האַ ? טשאָרט וואָזמי, ניט שלעבט ? פערשטעהסט,
וואָס פריעדליכע בענייאונג הייסט ?

## יענקעלע חקרן:

פ אַ ר  י ו ד ע ן ? אָ, מיין ליעבער האַרר,
דאָס וועט פערשטעהן דער גרעסטער נאַר.
נאָך אַלע צרות, קללות,
נאָך אַלע אַלטע לייד און פיין
וועט אַ י ע ר  נייע רוסלאַנד זיין
אָ שפּאָגעל=נייער... גלות !!...

## דער כאָהר.

(לעבעדיג):

אוּן ס'וועט נאָך מעהר זיי קלעקען!

אָ, גלויבט אונז אויפ'ן וואָרט.

מיר וועלען זיך ניט שרעקען

פאַר קיין מיניסטער דאָרט.

מיט אַלע אַקסעלבאַנטען,

מיט אַלע רויטע קאַנטען,

מיט אַלע קנעפּלאַך מעשענע...

## יענקעלע חקרן:

אוּן וועט זיי, ליעבע ברידער,

אין וויבאָרג מאַכען ווידער

אַ גרויסע... פייג אין קעשענע!!!...

## דער צווייטער כאָהר:

האַ-האַ-האַ-האַ! ניט שלעכט געזאָגט!...

ער זידעלט דעם מיניסטער —

אוּן דאָס איז אַלץ, וואָס ער פערמאָגט,

דער העלד, דער ריעז דער ווייסטער!

ער מאַכט פּראָטעסטען, זיצט אוּן שוויצט

אוּן שרייבט, אוּן דרוקט... נאַטירליך,

בלייבט, ווי פאַרצייטען, אַלץ ביז איצט,

אוּן ער ביי די פּאַפּירליך

זאַפּראָס אַהין, זאַפּראָס אַהער...

זאַפּראָסען... אויך אַ שכל!

אַ פאַרשטעהער פוּן פאָלק איז ער!...

## יענקעלע חקרן:

אוּן ווער וועט איהר זייט מוחל?

אין שמוץ אין שימעל,
דערפרישען דיין טרוקענעם גומען
מיט ואפּט פון די בליהענדע בלומען —
אביסעל בעפרישען,
אביסעל בענייען,
אביסעל דערגרייכען,
אביסעל בעפרייען,
ביז וואנען... משיח וועט קומען...
. . . . . . . . . . . . . . .



# נאך תשליך.

(א באבע-מעשה פאר תורה-יונגלעך)

---

## I.

מיט גינגאלד, מיט פורפור, מיט א מתקעלען אבגלאנץ פון אלטער בראנזע האבען זיך אויסגעציהרט די בוימער אויפ'ן ברעג טייכעל און געשפיגעלט זיך מיט זייערע פארבען אין די רוהיגע, ליכטיגע שטראמען.

א קול דממה דקה, א שטילע שמונה-עשרה (ווי עס וואלט געזאגט המשורר יענקעל-תנה צימבעל, זאל לעבען) האבען זיך געצויגען דורך די האלב-פערוויאלעטע בלעטער. —

אין ריחות. ריחות — ממש
גריטען צו געניסען,
ווי פון א מעהרען-צימעס,
א פעטען און א זיסען;
פון פרישען צוקער-לעקעך,
פון רעווענקעס און פייגען
האט פלאטעריג דאס ווינטעל,
צונאכטען פון די צווייגען...

און א ליעבע שטיל-שוויינעניש האט געהערשט אינ'ם קוהלען פריה-הערבסט-אווענד...

דער עולם האָט אָבגעפּראַוועט תּשליך און איז אַוועק צוריק אין שטעדטיל, יעדערער אונטער זיין פייגענבוים און אונטער זיין וויינשטאָק, — און דאָס טייכעל איז געבליבען ליגען ווי פריהער גלאַט און קלאָר אין די אַרומגעזוימטע, מיט גראָז און צווייגען, שטילע ברעגען...

---

יאָ, שטיל און רוהיג האָט אויסגעזעהן דאָס טייכעל פון אויבען, וואָלט איהר אָבער זעהן וואָס אין דער אייגענער צייט האָט זיך געטהון א ו נ ט ע ן, אויפ'ן אָבגרונד!...

הו-האָ! אַ לויפעניש, אַ טאַראַראַם, אַ בהלה, אַ יריד!... אָט-ערשט איז אָנגעקומען אַ פּאַרטיע שפּאָגעל-נייע סעזאָן-פּרוכט — אַ פּעקעל פרישינקע י ו ד י ש ע ע ב ר ו ת!!...

און פון זאַמד, פון שלאַם, פון צווישען די גליטשיגע און קלעפּיגע וואַסער-גראָזען האָבען זיך אַ שאָט געטהון — בעהיט זאָל מען ווערען — ראַקעס, זשאַבעס, טשערעפּאַחעס וכל רמש הרומש: און אַלע מיני „ווידמענישען וואָס ווידמענען זיך" — אַזוי ווי עס פלעגט טייטשען מיין מלמד רב נחמן טשוואָק ע"ה... ס'איז געוואָרען אַ חאַפּעריי, אַ בייסעניש און אַ שלעפּעניש פון אַלע זייטען, גלייך ווי בעסערס און געשמאַקערס וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען און ניט נאָר אין אונזער קליין אָרים טייכעל, נאָר אויך אין די גרויסע טייכען, וואָס האָבען זיך צעוויקעלט און אויסגעצויגען זיך אויף פיעל און פיעל הונ-דערט וויאָרסט, איז קיין אייגענע זאָרגען און קיין אייגענע צרות גאָר קיינמאָל ניט געווען.

## II.

אין טייכעל האָט געקאָכט...

ראַקעס, טשערעפּאַחעס, זשאַבעס און קליעשטשעס האָבען זיך געגראָבען און געגראַבעלט אינ'ם פּעקיל עברות. געשלעפּט פון דאָרטען שטיקער און שטיקלעך, געקייט, געזויגען, געטשמאָקעט און בעלעקט זיך אַ מחיה. וואַסער-שפּינען און וואַסער-וואַנצען זענען געלאָפען הענדום-פּענדום אַזוי ווי די קאָרעספּאָנדענטען פון דער געוויסער טעלעגראַפען-אַגענטור, און די ווערטער: „יודישע עברות! יודישע עברות!!" האָבען געקלונגען און צוגאָסען זיך אין וואַסער און אין דער לופטען...

ברייט און רוהיג צולעגט זיך אינ'ם ווייכען, גרינעם שלאַם — פיהרען אַ שמועס עטליכע בעל-הבת'יש-אָנשטענדיגע בריאות פון די בעשאַפענע אינ'ם טאָג פון די ששת ימי בראשית:

„— פון יודישע עברות רעדט איהר?" — האָט געזאָגט אַנ'אַלטער נאַלים, אַ גלאַטער, אַ פעטער, מיט אַ קיילעכיגאויסגעהאָרעוועטען בייכעל, — „אָח-אָח-אָח! איך געדענק נאָך די אַלטע צייטען, די גליקליכע, די ליכטיגע, די גאָלדענע טעג פונ'ם אָטקופּ מיט די קאָנצעסיעס, מיט די גרויסע קאַזיאָנע פּאָדריאַדען, מיט אַ מתנת-יד פון אַ גאַנצען אוצר דעם אָדון און מיט משוגע'נע שלח-מנות'ין דעם אָדון'ס פלגש... קאָנצערטען, פּיקניקען, רח"ש פון פינף-גאָרענדיגע טייערס, אימעניעס... פון „קאַטינקעס" גאַנצע וויקעל-שניר און פון שאַמפּאַניער אַ מקוה... יודעלעך-קבצנים, יושבי חושך וצלמות זענען געלעגען אין די איינגע, פייכטע און פינסטערע לעכער און האָבען געקרעכצט

„און אז נאָך א יוד א גביר האָט מנדב געווען אויף א מאָ־
נומענט באַגראַן חמעלניצקי׳ן עטליכע צעהנדלינג טויזענד רובל,
האָט עס יודען אויך געאַרט ווי דער פּאַר־אַ־יאָהריגער שניי...
ע־עה! ווען עס פעלט איצט אריין אהער אזא מין עברה׳לע,
וואָלט איך, כ׳לעבען, אויך געווען א בעלן א פּרוב טהאָן אָבּ־
לעקען א ביינדעל״...

„— איהר זענט טאַקע גערעכט, כ׳זאָל אזוי גליקליך
זיין! — האָט זיך אָנגערופען אַנ׳אַלטער קרעבס. וועלכער איז
נאָר־וואָס געקומען צו קריכען פונ׳ם פּעקעל עברות: מילא, פון
די עברה׳לעך, וואָס פאַלען אריין אין היגען טייכעל, איז דאָך
ניטאָ וואָס צו ריידען; נעהמט אזא טייך ווי דער דניעפּר ביי
חערסאָן. חערסאָן איז א שטאָדט א יודישע מיט רבנים, דינים,
תלמוד־תורות, בתי־מדרשים, מנינים, און א גוטע אָקעלע מיט
א קוועניץ חאַפּט מען דאָרטען, קיין בייז אויג, ניט נאָר לזכר
נס של חנוכה, נאָר אויך אַלע נעכט פון א גאַנץ יאָהר. שבת,
אויב עס מאַכט זיך אז א גוי דאַרף צום פּאַראָחאָד. מוז ער
נעביך געהן צו־פוס, ווייל כמעט אַלע איזוואָשטשיקעס זענען
מזרע היהודים. א שטאָדט, ווי איך זאָג אייך, אַנ׳אמת־יודישע.
גוט. זענען דאָרטען פאַרהאַן דריי יודישע אינטעליגענטען:
אַנ׳אַפּטייקער, אַנ׳אַדוואָקאַט און א דאָקטאָר. דער אַפּטייקער איז
אַנ׳אַפּטייקער, און אז אין שטאָדט האָבען די יודישע פּרי־
קאַשטשיקעס פון אַלע קאָנטאָרען און אַנשטאַלטען געשטרייקט
אויף די ערשטע טעג פסח, האָט ער, דער אַפּטייקער, דוקא
ניט געוואָלט בעפרייען די יודישע יונגע־לייט פון אַפּטייק, און
אז מ׳איז צו איהם פאַרט געקומען בעטען, האָט ער ארויסגע־

טריבען. און אז ס'האט אים גענומען אנציהערען אז ס'איז א סכנה פאר די פענסטער, האט ער געשיקט רופען פאליציי. און פאליציי איז געקומען און האט געטהאן דאס וואס פאליציי דארף טהאן... און אז דער ראבינער האט געפרובט זאגען אים מוסר, האט ער געענטפערט, אז פון פסח האלט ער כלל ניט און חוץ דעם איז זיין טאטע, דעם אפטייקער'ס טאטע היטט עס, נאר אין דער כאר-שוהל, ווען שבת און יום-טוב אויבען-אן ביים ארון-קודש און טיילט כבוד. און די כאר-שוהל שטערט בכלל אנטקעגען דער אפטייק. — איז ער יוצא מיט'ן טאטען. — דער ראקמאר מיט'ן ארויאקאס ווענען גלאסנע און דער שטארט-רוסע און ביידע גאנץ אנשטענדיגע מענשען, נאר אבזאגען זיך פון דער רוסע האבען זיי דוקא ניט געוואלט. פארוואס? דער ארויאקאס איז א געוועזענער ראבינער'ס א פלימעניק און גע-דענקט נאך מסתמא דעם טעם פון „חיבארעס", מיט „איט-ווערושרעניעס", מיט „פראטעסטען" אויף די חיבארעס. טא איז דאך ניט בעסער, גרינגער און גלייכער צו זיין א גלאבני אהן אט די אלע גילוי-מחילות, פשוט, „טא נאוואטשעני"? און אז לסוף האט ער זיך שוין יא אבגעזאגט, האט ער דערביי מזהיר און מודיע געווען דעם עולם, אז ער טהוט עס נאר דערפאר ווייל ער איז ארום עפיס לא עליכם ניט מיט אלעמען. אבער ניט חס וחלילה אים וואס ער ניט איז נארישען נאציאנאל-געפיהל און נאציאנאל-עהרע. מכלת, ווי זאגט ער —

א שפיי איז גאנץ כנסת ישראל ניט ווערטה
כנגד גובערנסקע פראוולעניע!...

„דער ראקמאר האט געזאגט אז אבזאגען זיך פון דער

רוטע קאָן ער ניט און טאָר ניט און דאַרף ניט, און האָט דער־ווייזען מיט אַ ראיה; דהיינו: חוץ גלאַסני איז ער פּאַפּעטשיטעל אין די רעמעסלענע קלאַסען וואָס ביי דער תּלמוד־תּורה און אויף דער שטעל פון אַ לעהרער (צי פון אַנ׳אינספּעקטאָר, איך געדענק ניט) האָט ער איינגעלאַדען עפּיס אַ ווילדען נפש, אַ בולנאַר, וועלכער האָט ראשית דבר געזאָגט די שילער אַ דרשה און דערוויזען זיי מיט פסוקים פון ליוטאָסטאַנסקי, דיעטינסקי, שאַראַפּאָוו, קרושעוואַן און נאָך אַזעלכע גאוני הדור, אַז די יודישע אמונה איז אַ גוט וואָרט ניט ווערטה און יודען האָבען כשר פערדיענט אַז מ׳זאָל פון זיי די הויט אַראָבשינדען. און אַז מ׳האָט געזאָגט דעם דאָקטאָר, אַז ס׳איז קיין יושר ניט צו האַלטען אין אַ תּלמוד־תּורה אַזאַ מין בעל־דרשן, האָט ער געענטפערט אַז דאָס איז אַ „בראַטושקע״ און האָט נושא־חן געווען, אַלס אַ גוטער לעהרער, פאַר די אויגען פון דער גובערנאַטאָרשע, און ער, דער דאָקטאָר הייסט עס, איז אַ יוד, און אַ יוד איז מחויב מבטל צו זיין זיין רצון פאַר דעם רצון פון אַ גובערנאַטאָרשע, — און, אדרבא, פּרובט דערווייזט איהם אַז ער איז ניט גערעכט!...

„— הערט איהר,—האָט ווייטער גערעדט דער קרעבס,— איך בין, ווי איהר ווייסט, אַנ׳אַלטער קרעבס, אַ ראַק פון יענעם דור ראַקעס, אויף וועלכע עס פלעגען נאָך די אַמאָליגע קאַזיאָנע ראַבינער שהחינו מאַכען; בטבע איז ניטאָ אַזאַ נבלה, וואָס איך זאָל זיך מאוס׳ן זי צו עסען; נאָר, ווי איהר ווילט איך, פון אָט אַזעלכע יודישע עברות, כ׳לעבען, שלאָגט־אָן חלשות!...

„יאָ, חלשות! איהר פיהלט, בלי ספק, אליין,
אַז דאָ שטעקט דאָס פּאַרצייטיגע יודעל אינגאַנצען,

וואס פלוצים ווינקט דאס פרין מתאוות און נעמען
איבער די חנוכה־שפעט פיסלער א חמור'ל פאנטן..."

„— עס. — דאס באמערקט א ריקע, העסליכע ושמו־
נע. — דאס אלץ איז, מחילה. קליינינקייטען, קינדער־שפיעל.
איהר וואגט — דער דניעפער. א גרויסער טייך מיט גרויסע
שטעדט. מיט גרויסע פעק יודישע עברית. און איך זאג אייך:
נעהמט דאס מיכעל נגילאוואסקע ביי'ם שטעדטיל מראיאנאוו.
ריכט זיך. א גרעסערע נבלה איז נאך ניט געוועזען צווישען יודען
און אלע יודישע עברית וועלען א שמעק־טאבעק ניט ווערטה
אנטקעגען דעם בלוטיגען, מערדערישען חמאת־מראיאנאוו. און
דאך. זאג איך אייך: עס, נארישקייטען! ווי איהר קוקט מיך אן
בין איך אן אלטע ושאבע. און מיין עלטער־עלטער באבע איז
געוועזען א צפרדע מאכע פון די עשרה מכות. — און איך זאג
אייך. אז דאס אלץ, וואס מיר זעהען איצט. דארף אזוי זיין און
מוז אזוי זיין: די מראיאנאווער יודען וועלען פריטע יודען, עהר־
ליכע און נאכגעבארענע. און פון תורת־משה האלטען ווי אזוי
ווי נאך דאס געבאטען, אבער נאכגעהן משהן אזוי ווי ער האט
גענומען דערזעהענדיג דעם איש מצרי מכה איש עברי — דאס
ניט: איך דעם וועלען די מראיאנאווער קנאפע יודען, אדער
פערקעהרט — געבן מאקע יודען!... דערזעהענדיג נאך
פון דער־ווייטען א „איש מצרי". א שווארצמאהניק, א באסיאק,
וועלען די פערציטערט. פערצאפעלט. פערטומעלט, קריכען
אויפן בוידעם און בעהאלטען זיך אונטער פערשידענע געפעס...
איינס זאג איך אייך: חיפעל תשליכען עס וועלען געוועזען ווינט די
וועלט שטעדט. שטאמען אלע יודישע עברית פון איין קוואל,
פון איין גרונד, פון איין „בראשית". — עס האט זיך געקניפט

און געקייטעלט נאָך דעם סיסטעם פון עברה גוררת עברה — און די יודישע נדבות אויף חמעלניצקי'ן און אויף צערקוועס מיט די יודישע קריכערייי און שתדלנות פריהער ביי איגנאַטיעוו'ן און דערנאָך ביי פלעווע'ן, מיט די יודישע גלאַסנע „פאָ נאַזנאַטשעניו“, מיט'ן בולגאַר, וואָס האָט נושא־חן געווען ביי דער גובערנאַטאָרשע, מיט חטאַת־טראָיאַנאָוו, וכו' וכו' מיט אַלע „שפיי אין פנים“ וואָס דאָס פאָלק־ישראל האָט מקבל באהבה געווען אינ'ם משך פון די לעצטע פינף און צוואַנציג־דרייסיג יאָהר — דאָס אַלץ געהט פון איין מקור, אַלץ איז צונויפגעקניפט, צונויפגעבונדען און פערפאַקט אין איין פאַק עברות, וואָס קיין טייך וועט זיי ניט פערפלייצען און קיין אָבגרונד וועט זיי ניט פערבאָרגען ואשר יזכרו ויפקדו ויעלו על לב — און וואָס וועלען דערמאָהנט ווערען און פעררעכענט ווערען יעדעס מאָל ווען אויף יודען וועט קומען אַ נייע גזרה, אַ נייע צרה... און... אַך, ווי קליין און פוסט אַנטקעגען די ווירקליכע יודישע עברות זענען יענע עברה'לעך, וועלכע עם זוכען אויס און שלעפען אַרויס פונ'ם תשליך־פעקיל און צוטראָגען איבער דער וועלט אָט די נאַרישע שמשים פונ'ם שטן'ס טעלעגראַפען־אַגענטור, די וואַסער־שפינען און די וואַסער־וואַנצען!... קוקט, קוקט, כ'בעט אייך“...

נאָר דער קרעבס האָט ניט געענדיגט זיינע רייד...

---

III.

אין טייכעל איז פאָרגעקומען עפּים אַזוינס, וואָס עס האָט זיך אַפילו ניט גע'חלומ'ט ניט דעם אַלטען נאַלים, ניט דעם אלטען

קרעכצט און ניט קיינע געליטן און קרעכצן מיט אלע אנדערע ,ווידערשפעניקע וואס ווידערשטעלן זיך אינם שלאף און נעמט פון די גרויסע און פון די קליינע מיכן...

עס האט מיט אמאל א הויב און א קערט געטאן דאס וואסער פון אונטען ארויף און פון אויבן צוריק ביזן אבגרונט... אגעלעקטרישער שטראם איז דורכגעלאפן אינם מיטעל פון עק ביז עק... עס האט געגעבן א קלאפ, פון וועלכן די אויגן קריכן ארויס אויפן שטערן און די נשמה אויפן שפיץ נאז...

נאר פון דעם, מיינע ליבע קינדערלעך, וועל איך אייך דערציילן א באזונדער מעשה אנ'אנדערש מאל — א שרעקליכע מעשה. נאר איצט מיט א גוטן און א פרייליכן סוף.

און דערווייל...

דערווייל איז ביי אונז אין מיטעל ניט גוט...

עס רוישט, עס קאכט, עס ארבייט ווי אינם כמבמיון... גרויסע העכט מיט שארפע ציין ווייסן ניט אויף וואסער וועלט זיי זענען... בעל-הבתישע, גוט-איינגעהארעוועטע קאר-פן זענען זיך מפלפל אינם ,,זה בורר" פון ,,סנהדרין", און דאס קליינע פלאמקעלע, דאס מאגערע בשר'ע פישעלע, וואס מ'רופט עס ,,קיי-און-שפיי", ליגט פארקראכן אין א פינצטער, איינג ווינ-קעלע צווישן די פערפלאנטעטע ווארצלען פון אנ-אלטער, קרו-מער ווערבע, קוקט ארויס פון דארטן מיט די קליינינקע, דער-

שראָקענע אויגעלעך און זינגט שטיל און טרויעריג מיט'ן אלטען ניגון און מיט א נייעם נוסח:

„— מי ברעב ומי במגפה...
מי באגרופ ומי בנאגייקע...
אוי, טאטע, בי—י—טער!!!...



# דרשה־געשאנק.

(אַ שטיקל קאָמעדיע)

---

## פערזאנען:

ישראליק דער לאנגער.
דער וועלט־שדכן.
דער אמעריקאנישער פעטער.
די ענגלישע מומע.
דער גוטער פריץ.
די גוטע פריצה.
דער בעל־עגלה.

---

מיט אַ בינטעל צרות צו־קאָפּענס ליעגט אין געהאַקטע חאַנרקן ישראליק דער לאַנגער.

דער בעל־חלום שטעהט אין פּאַקט איבער איהם מיט אַני־ אַלטער, אָבגעשמיסענער הושענא...

אין חלומות ליעבע, זיסע
פליהען, שוועבען אין דער לופט...
ווי דעם חולה פון דער נשמה
צו אַ נייעם לעבען רופט

איהם אַ בת־קול, צו אַ נייעם
גליק... אַ טיש מיט כּבוד שטעהט.
ס'הערט־זיך: „— מזל טוב!" — „לחיים!" —
— „לשלום! — טרינקט געזונטערהייד!"

מיט אַ קעלישאָק אין איין האַנד און אַ שטיק קאָרענעם לעקעך אין דער אַנדערער שטעהט אויף אַ בּיינקיל דער וועלט־שדכן. — „שאַ, שאַ! — הערען זיך קולות — שאַ, לאָזט ריידען!"...

דער וועלט־שדכן:

— רבותי! בּשעת אַ מגפה, רחמנא ליצלן, איז אַ מנהג צו שטעלען אַ חופה אויפ'ן היילינגען אָרט. אונזער צייט איז אַ מגפה־צייט: ווי פערסמ'טע פליגען פאַלען ווייב און קינד, יונג און אַלט... מ'פּאַכט מיט דער נשמה, מ'געהט־אויס... יודען! לאָמיר פּרובּען די אַלטע תּרופה — אַ חופה אויפ'ן בּית־הקברות. מי ומי, פרעגט איהר? קיין דאגה ניט; אַ חתן האָבּ איך — אָט־אָ איז ער:

ישראל'יק דער לאַנגער — אַנ'אַלמן מיט קינדער;
אַ מענש אָהן אַ גאַל, ניט זאַמשעפּעט אַ פליג;
האָט מעבּעל און פרות און עופות און רינדער:
אַ שטענדער, אַנ'אתרוג, אַ האָהן און אַ ציג.
געננוג, דאַנקען גאָט, אויף חיונה, קיין שאָדען;
און חוץ דעם געשעפטען און נחלות ניט קאַרג:
פון „גליוּוער־ים" שווימען צו איהם פּאַראַחאָדען,
זיין פּאַלאַץ שטעהט הויך אויפ'ן „גלעזערנעם בּאַרג".
צוויי מאָל יעדען יאָהר טרינקט ער פולע פיער כּוסות
און האַלט אין אַרענדע שוין יאָהרען אַ סך
פון מרור אַ וואַלד, אַ פאַבּריק פון חרוסת,

וועו קומט איהר?...

דער אמעריקאנער פעטער:

— שטעה... האָב צייט...
ווארט-אוים... וועסט דאנקען שפעטער...
האָסט תתונה? אָל-רייט!
א בתולה? אנ'אלמנת?
דאָס מאַכט מיר גאָר ניט אוים;
בעקומען מיין מתנת
קאָנסט סיי ווי סיי פאָראוים...
וואָס, אפשר, מיינסטו מ אָ נ ע —
געלד? פע, דאָס האָב איך פיינד;
נאָר מחמת גרוים רחמנות
בין גרייט איך אין שתדלנות
צו געהן פאר דיר, מיין פריינד!
צו וועמען — פרעגסטו? פטור,
ניטאָ פאר מיר צו הויך —
צום גרעק, צום פערס, צום טאָטער
און צו חרבונה'ן אויך.
דאָס איז מיין אַלטע שיטה,
כ'בין שטייף אין איהר ווי שטאָהל;
און אויב ס'וועט קומען וויטטע
אין פאָרטסטוס נאָך אַמאָל,
וועל איך איהם א בקשה
אויף הערבאָווע פאפיער
דערלאנגען... מעגסט, נישקשה,
פערלאָזען זיך אויף מיר!...

חאפט א קאָנווערסיע-טענציל און ווערט נעלם...

עם קומט אריין דער גוטער פריץ.

ווי צו די רויטע יודעלעך
צו קומען — אקוראט!...

---

געארעמט מיט דער פרומער גבאי'טע יק"א קומט אריין די ענגלישע מוהמע „אנגלא-דזשואיש-אסאסיאיישאן".

די ענגלישע מוהמע:

— רויטע יודעלעך, זאגסטו? הא? וואס עפּים רויטע יודעלעך?

עס, נארישקייט! די גאנצע וועלט
איז חרוב שוין געווארען?
ניט צו די רויטע יודעלעך —
פרוב צו די שווארצע פאהרען!
ביי אונז אין דרום-אפריקא
איז דא א לאנד אוגאנדע.
„ביי אונז" — דאס הייסט, מיר האלטען דארט
אנ'ענגלישע קאמאנדע;
חוץ דעם איז פון קדמונים-אן
פארהאן ביי זיי א נשיא;
דער נשיא הייסט „קאבאקא". הא?
א נאמען גאר נישקשה, —
עס שמעקט שון עפּים יודישליך:
דאס הארץ מיט די געגירען
דערפיהלען „אטקופ", „טראליסען"
מיט „קרעטשמעס", מיט „טראקטירען"...
היינט נעהם „פּאווינאסט וואאינסקע" —
אויף אלע מיינע שונאים

בלייבט, ווי פריהער, זיצען רוהיג
אלע גרויס און קליין, —
כ'וועל ניט נעהמען פאר'ן קאלנער,
געבען אין די צייהן,
שלאגען, רוק און לענד אייך ברעכען
און, ווי אלע מאל,
שלעפען נאכדעם אין קטוזקע
מיט א פראטאקאל,
חס ושלום, גאר להיפך...
ליעבע פריינד, הערט=אוים, —
צום פאן ס׳ וליק א בקשה
האב איך איצט: היות
אין פאלטאווער דומע, פלוצלונג,
פון דער העלער הויט,
איז געווארען אין די גלאסנע
יודישע א גויט,
זיך איך יודען, צו פערגעהמען
איצטער זייער ארט...

(לענט פריינדליך ארויף ישראל'יקען
די האנד אויף דער פלייצע)

מהו, פאן סרוליק, מיר די טובה —
ווער א גלאסנע דארט!...

---

נעבען טייער דערהערט-זיך א סקריפ פון רעדער... א פייף, א קנאק מיט דער בייטש... „טפררררו!" — און עס קומט אריין דער בעל-עגלה.

בעדארף זי, נעביך, שטענדיג
דעם שווארצען פעפער שמעקען
און פאר דער קליפה'ס שליטה
פאר פופציג טריט זיך שרעקען...
ישראל'יק! דו זאָלסט אייביג
געדענקען על כל פנים
די נאָז מיט אלע איהרע
עכט-יודישע סמנים —

„איז שיק איך דיר על-ידי המוכ"ז א קאָפּיע פון דער נאָז, הענג זי אויף אויף דער וואַנד פאר א זכר לחורבן... א קאַר-טינע א דערקוויקעניש!..."

### דער וועלט-שדכן:

— האָ? יודישע קינדער? וואָס וועט איהר זאָגען אויף אזא דרשה-געשאַנק?... איאָ, הלואי ווייטער ניט ערגער... איצט בלייבט נאָך איינס: געהן אָנקוקען די כלה...

### ישראל'יק:

— וואוהין?

### דער וועלט-שדכן:

— אָח-אָח-אָח!... אויף די וויבאָרעם אין גאָסודאַרסטווענע דומע...



# אָרעסער קאָנצערט.

פּערזאָנען:

דער רעזשיסער.
דער לעבענגערייטם.
דאָס נעלעב העמדיל.
דאָס שוואַרצע העמדיל
דאָס לאַטעטע העמדיל.
דער צעבראָכענער בוזעכער.
דער פרומער ציילער.
די קליינע יאַרבעלקע.

I.

דער רעזשיסער:

— מיט געשטרימע ראַטען און הערצען, אַלטע פּאַ־ גראַמשטיקלס און יונגע, פּריס־צאַפּעלדיגע פּאַטריאָטען!

— ערגעץ איז פון קרטונים־אָן געקומען צו גרויסע, גלענ־ צענדע און היטענגרע פאַרשטעלונגען. — ווי רופט מען עס, גאַלאַ־קאָנצערטען און גאַלאַ־ספּעקטאַקלען. וואָס פלעגן זיך צו־

שפיעלען אויף צעהנדליגער גאסען, מערק און פלעצער מיט אמאָל, מיט דער העלער בעלייכטונג פון שרפות-פלאַמען און באַטאַליע-מוזיק, פון מעבעל-קראַכען און שויבען-טרעשטשערייַ פון עק ביז עק שטאָדט.

— דאָס גלענצענדע און הויך־אינטערעסאַנטע טעאַטער־שטיק פלעגט זיך רופען מיט'ן נאָמען „ווזריוו נאַראָדנאַוואָ ניע-גאָדאָוואַניא".

— מחבר-האָנאָראַר פלעגען בעקומען סטיאָפּקאַ באָסיאַק, מיטקאַ דושעגוב און מאַטריאָשקאַ סאָראָקאָווקאַ, מיט קאָמיסיע פון 97 פּראָצענט לצרכי האָדון דיערזשימאָרדאַ עם קאָם.

— מחמת פערשיעדענע טעמים, אָנשטאָט איין ספּעק-מאַקעל-גאַלאַ קימען פאָר איצט איינצעלנע קליינע קאָנצערטליך אויף יעדער גאָס בעזונדער, דערפאַר אָבער אָפט, נים ווייניגער ווי זיעבען מאָל די וואָך, און הייסען הייסט עס „באָרבאָ ס'קראַ-מאָלאָי".

— א נאָמען, וואָס איז שוין פאָראויס מכפר אויף אַלע חטאים און גאַראַנטירט שכר-טרחה אויף דער וועלט און שכר-מצוה לעולם-הבא.

— ט-ס-ס-ס!

איהר הערט? מען דאַרף ניט וואַרטען לאַנג...
א טומעל, א געלויף...
א פּויקען־שלאָג, א גלעקער־קלאַנג...
דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף!...

געוואָרען איצטער אַ גן־עדן:
איך הוליע, טאַנץ, און טרינק, און פרעס,

און שלאָג, און פייניג בפרהסיא,
האַלט אין די הענד די גאַנצע שטאָדט.
מען פלעגט אַמאָל מיך רופען ושוליק,
און איצטער הייס איך — פּאַטריאָט!

מיט מיר איז פול די גאַנצע פּרעסע,
מען שרייבט פון מיר, מען רעדט פון מיר
כ'האָב אין אופּראַווע מחותנים
און האָב אַ גראַף אַ קאָמאַנדיר.

און ווי־ושע זאָל איך ניט פערדרייסען
די נאָז אַרויף פון שמוץ און מיסט?
איך האָב געהייסען יורקע־שכּור,
איצט הייס איך — נאַציאָנאַליסט!

פון אַלע לעבער, אַלע נאַרעס
אַרויסגעקראָכען אויף דער וועלט
בין איך געוואָרען אַ מיוחס,
אַ תּנא ברא און אַ העלד.

כ'בין חבר־לאַפּ מיט היגע פּריצים,
איך קלאַפּ אין פּויק און טראָג אַ פאָהן;
פלעג אין אָסטראָג כּל־ימי זיצען,
און איצטער זיץ איך — אויבען־אָן!...

---

## IV.

## דאָס שוואַרצע העמדיל

פון מיין בעריהמטער גבורה
האָט איהר געהערט געוויס:

די גאס, דער מארק בעדעקט טרוט —
מיט בייזע שלענג און שפּינען,
זיך אָבער טוו דאָך געהן אהין
דאָס שטיקעל ברויט פערדיענען.

דער שלעפּט און רייסט אויף שטיקער מיך,
דער פרובט מיך פּלומר'שט היטען
און צווישען ביידע בלייב איך דאָ
א גוסס אין דער מיטען...

וואָס אָבער העלפען מיינע רייד,
וואָס טויגען טענות, ראיות?
אוי, ליעבע פריינד, עס נעהט מיר אוים
דאָס לעצטע ביסעל חיות!...

---

## VI.

## דער ברויט-געבער:

מיין ליעבע שטאָדט, מיין שעהנע שטאָדט!
לעבסט-איבער איצטער שווערע צייטען,
און מיט א טיעף און היים געפיהל
שיק איך מיין גרוס דיר פון דער ווייטען...

צו אל'די רוחות דער וואָר
מיט אלע סקלאדען און פּאָדריאדען!
איך וואַרעם זיך אין סאן-רעמאָ,
איך קיהל זיך אָב אין באדען-באדען

לופט פרישע שעפּ איך אין דער שווייץ,
איך דרימעל זיס אין א גאָנדאָלע

„ער פלעגט ניט קאָנען ליידען
קיין אומרעכט, קיין געוואלט,
און אז מען פלעגט זיך גרייטען
צו א פאָגראָם, פלעגט באלד,

„נים קאָנענדיג דערהאלטען
דאָס אומגליק, לייד און שרעק,
ער בעטען זיך אין אָטפוסק
און פון דער שטאָדט אוועק...

„און איצט פערלאָזט דער אָדון
זיין שטעל אינגאנצען דאָ,
טאָ דארף מען דאָך אנ׳אדרעס
דערלאנגען איהם, איאָ?״...

2.

(אין א חודש ארום)

— וואוהין, ה׳ דאָקטאָר, לויפט איהר?
„— אין פּאָליציי אריין:
דעם נייעם גאָראָדניטשי
מקבל־פנים זיין.

„מען זאָגט, ער האָט אין קיעוו
בשעת א פּאָגראָם
זיך איינגעשטעלט פאר יודען.
און מיינט איהר וואָס? א קראָם

„צי א קבצנ׳יש הייזעל
געראטעוועט? אָ, ניין,
ער האָט בעוואָרענט בראָדסקי׳ן
מיט האלפערין אליין!

דעם מיניסטער אין פארלאמענט
מיט זשפראסען אהן א שיעור.

ווי א שטורם, ווי א וויכער
ווידט דער וואהל-קאמפף טאג און נאכט
צו די אורנעס, יודען, גיכער!
ניט געצווייפעלט, ניט געטראכט!...

---

א שלאקס-רעגען פון וואהל-צעטליך גיסט זיך אויס פון עק ביז עק שטאדט, די ברויניגגען טרעשטשען, די רעזינעס דרעהען זיך אין דער-לופטען... סטיאפקא באסיאק, מיטקא דושעגוב און מאטריאשקא סאראקאווקא טאנצען ארום יודישען בית-עלמין א פלאם-פייערדיגען פאגראם רומפעל... „דאס לעצטע העמריל" בעגיסט זיך מיט בלוטיגע טרעהרען...

און דער קאנצערט געהט זיך ווייטער...



# „יודען, גיט אקאפּיקע!“

(א שפּאַציר־גאַנג, א פריש־פאַרפלויגענע מעשה פון משיח־צייטען)

---

געווען איז דאָס ויעבען יאָהר צוריק...

ניין — ויעבען יאָהר מים א חודש.

דער חודש, אזוי ווי איהר ווערט ארויסזעהן פונ'ם עיקר המעשה, שפּיעלט דאָ די וויכטיגסטע ראָליע.

---

א וואַרימע, שטראַהלענדע נאָכט האָט פערשפּרייט איהרע חיינע, בלויע פליגעל איף דער גרויסער, ליכטיגער וועלט.

אין די פענסטער, איינער נאָכ'ן אנדערן, האָבען אָנגעהויבען אויסצינדען די לעצטע ליכט־פונקען... מענשען זענען געגאַנגען אין וויער רוהה און מתים האָבען אָנגעהויבען אויפשטעהן פון די קברים...,

אין פערשידענע לענדער, אויף די אַלטע בית־עלמינ'ס האָבען זיך אויפגעהויבען פון אונטער די פערשימעלטע, פער־פינסטערטע מצבות אַלערליי־פאַרביגע וואַנדעל־פייערלעך — רויטע, בלויע, גרינע, געלבליך־גרינע... ווי קאַצען־אויגען אין

ווי וואָלפען־אוינגען האָבען זיי געפונקעלט צווישען די דונקעל־גרויע שאָטענס...

דאָס זענען געווען די נשמות פון די נביאי־השקר, פון די פאַלשע משיח'ן, וועלכע פלעגען אין פערשיעדענע צייטען און אין פערשיעדענע מדינות אַראָבפיהרען פון וועג דאָס אָרימע און פינסטערע פאָלק ישראל...

אויף אַ טערקישען בית־הקברות אין דער שטאָדט דולטשינע, ביים ברעג פונ'ם אַדריאַטישען ים, שטעהט־אויף די טיעף־זינדיגע נשמה פון דעם גרעסטען משיח־השקר — שבתי־צבי... פון צפון־אַפריקאַ, פון אונטער די ריעזען־בוימער באָאַבאַב, פון יענער ווילדער געגענד, וואו אין די טייכען שווימען אַרום לויתנ'ס און אין די וועלדער פיטערן זיך שור־הבר'ס, הויבט זיך אויף די נשמה פון שבתי־צבי'ס בעסטען תלמיד אַברהם־מיכאל קאַרדאָזאָ... פון אונטער די טייטעל־און פייגען־בוימער פון דער שטאָדט גאַזאַ (גת) אין סיריען, וואו עס האָט געלעבט דער פאַלשער נביא מיט'ן נאָמען נתן העזתי... פון אַנאַטאָליען, פון יעמען, פון דעם בלויען באָספאָר און פון דעם דייטשען שטעדטיל אָפּ־פענבאַך — פון אומעטום הויבען זיך אויף די אונרוהיגע, פער־שאָלטענע נשמות און זיי ציטערן און וויעגען זיך אין דער־לופ־טען, און זיי שוועבען און פליהען און קומען אַלץ נעהנטער צו אַ שטעדטיל אין וואָלינער גובערניע, ביים טייכעל אוסטיע...

---

די וואָרימע, שטערענדיגע זומער־נאַכט האָט אויסגעשפרייט איהר פייכטען, דונקעל־בלויען שלייער איבער די קרומע און שטויביגע געסלעך...

בעדעקט אַ חלום

די וועלט אינגאַנצען...
די זשאַבעס קוואַקען,
די זשאַבעס טאַנצען!...
שטעה־אויף, מיין ליעבע,
שטעה־אויף, מיין טרייע!
דערפריש מיין אָטהעם,
זיי מיך מחיה!
פון דיינע לאָקען,
פון דיינע ברעמען,
וועל צו די ליעדער
איך גראַמען נעהמען
און מאַכען, פרעהליך,
מיט גרויס כונה,
אויף דיינע ליפּען
שהחינו...
שטעה־אויף, מיין געטין,
שטעה־אויף, מיין כלה!
איך פיהל אַ ריח
פון פרישע חלה...
מלאָכים פלעכטען
פון לו"ב קראַנצען...
די זשאַבעס קוואַקען,
די זשאַבעס טאַנצען!...

אַ נאַכט — אַ חיות!...

און אויף אַ ק־רום גאַניקעל פון אַנ'אַלט, קרום הייזעל אינ'ם שאָטען פון אַ דאַרע, קרומע ווערבע זיצט אַ מענש פער־טיעפט אין די געדאַנקען...

און די וואַנדערל־פּיצעלעך, די נשמות פון די פאַלשע משיחים, שוועבן און וויגנען זיך אין דער־לופטען... און זי רינגלעך־אַרום זיין פערנעבויגענעם קאָפּ. און זי לאַקענען אין זיינע מחשבות... און דערשראָקענע און דערפרעמדעטע אינזאַיינעם צאַנקען די און ווערן אַלץ בלייכער און טונקעלער און דער פינסטער, בלייכער ווינטער־נאַכט.

ווער־ווייס איז ער, דער מענש איפ'ן קרומען גאַניקעל פּנים אַלטען. קרומען הייזעלי!

---

היות, אַזוי ווי איצט איז שוין געקומען די צייט ער זאָל נתגלה ווערען פאַר דער וועלט און ער אַליין האָט אונז צוגעשיקט אַ „מאַנוסקריפּט", וואו עס איז בעשריבען אַלץ וואָס עס קערט זיך אָן מיט אים. רעכענען מיר, אַז פון אונז וואָלט געווען אַ גרויסע עולה צו פערבאַרגען פאַר דער וועלט זיין נאָמען.

הייסען הייסט ער רב משה לייב העבלאַנר. און אָט וואָס מיר לייענען אין זיין מאַנוסקריפּט, פון וועלכען מיר ברענגען דאָ די פאָלגענדע צייליען אין זייער אָרגינעלען „לימע־ראַמאַרישען וואַגאַרדי" (דאָס איז זיין אייגענער אויסדריק) און מיט אַלע זייערע גראַמאַטיקאַלישע אייגענשאַפטען:

...„איך, דער פּראָפעסאָר, פון דער ווערק, האָב פיל גיטען וויינען דער סאָציאַליסטישער אידייע און דערים האָב איך רעכט זיך גיבין אין דעם ריינען גרינדליכע ערקלערונג... מיט זיבין יאָר צוריק האָב איך צו נייף גינומען... פיינע אינגע לייט און האָב גיוואָלט בילדען איין פּאַרטייא פון קלייבען

געלט אין האָב פערפאַסט 30 אויפטפינקטין ווי זוי די פאַרטייא צי איינאָרדנען אין זו צי שפרייטען אין אַלע לענדער נאָר די יונגע לייט מיט אַ מאָנאַט שפּעטער האָבין מיר שוין מבשר גיווען אַז איינער ד"ר הערציל מאַכט אין באַזעל איין קאָנגרעס מיט דעם צעל צי קלייבען געלט. נאָך דעם ערשטין קאנגרעס האב איך גיגיבין איין הָצָע... פארלייגען די סיוניסטין צי שיקען אין דער וועלט בעל דרשנים אין ארויס גיבין איין זשאַרגאָנישע צייטונג"...

אַלזאָ זעהען מיר ארויס, אַז דער "רייען" פון קלויבען געלד צום "צעל" פון ציוניזם איז נולד געוואָרען זעלבשטענדיג אויפ'ן ברעג פונ'ם טייכעל אוסטיע מיט אַ גאַנצען חודש פריהער איידער עפים "איינער אַ ד"ר הערצל" האָט געמאַכט דעם ערשטען קאָנגרעס אין באַזעל.

---

מיינט איהר אפשר, אַז ער, דער וואָלינער משיח, האָט זיך אָוועקגעשטעלט און געזאָגט, אַז איהם, און ניט הערצלען, קומט דער ערשטער פסוק פון אתה-הראת, דער כבוד פון דער ערשטער הקפה?

חס ושלום. רב משה לייב האָט באַלד פערשטאַנען, אַז דאָס איז מן השמים ער זאָל נאָך ניט נתגלה ווערען פאַר דער זינדיגער וועלט, און אין פערלויף פון אַלע זיעבען יאָהר מיט די קאָנגרעסען אין באַזעל און אין לאָנדאָן איז ער זיך געזעסען על נהר אוסטיע און געוואַרט... איצט אָבער, אַז ד"ר הערצל איז שוין ניטאָ און די ציוניסטען האַלטען שמאָל, איצט טרעט אַרויס רב משה לייב!

ראשית דבר נים ער ווערן צו שרקלשרען. או סים די יורען פון זיין אייגען שפעקטאקל וויל ער קיין סגע ומשא נים האבען. און ווייםם איהר — פאר וואס? לאמיר זיך ווענדען צו זיין „מאנוסקריפט״:

....„די אוראלטע אבער וועלכער די בירגער פון מיין שטאדט האבען מים מיר ענטפאנגען צו שטרייטען. איז וואס איך האב דיא גיווארן עטליכע גימטריאות פון התורה אויף מיין נאמען, היינט: אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח ואף על פי און אני ווייסער... איז די גימאטריע פון ראשי״ת מיין נאמען משה לייב העבלאנר (וויל איך היים משה לייב העבלאנר). על יד בן ישי בית הלחמי וענען די אותיות פון משה לייב עבלנר און ת״י איז די פיר אינדערט מים 10 יאר בין גרים איספאניע. על יד איש בן פרצי וענען די אותיות עבלאנר ישי (ז) פרק״...

ריכט זיך, וואס דארף מען נאך מעהר? אמת מאקע, כדי צו צופאסען די צוסאמען ווערט פון העבלאנר — עבלאנר און פון עבלאנר — עבלנר; ט, גיבען, ווערט עם מאקע, און או אין די ראשי תיבות פו״ם פסוק אני מאמין ביז ואף על פי פקהלם א היבש ביסעל צום חשבון, איז דער פסוק שולדיג. א חשבון איז בכלל א נשמית, חיבוינ איז דער רמז, די בחינה, דער וואונק... וענען אבער די דארטיגע יורען בעונותינו הרבים גרויסע ליידאקעס און ענטפערן. או גימטריאות איז קיין בעוויין נים, און בפרט נים־ריכטיגע, און אויב איהר ווילט דווקא גימטריאות און איך שאדט נים א רענדעל ארויף א רענדעל אראב צום חשבון. מאן געדענקט די ווערטער „הקטן משה לייב

העבלאַנד נרו יאיר" איז קומט אויס בגמטריא „אָדם אַ מענש, קאַצקע רוק זיך"; און נאָך בעסער קומט אויס „פּריש, געזונד און משוגע"... וואָס גראָבע-יונגען קאָנען?!

נאָר זאָלען זיי זיך שלאָגען קאָפּ אָן קישען. רב משה לייב ווייסט וואָס ער האָט צו טהון.

היות, אַזוי ווי די ציוניסטען האַלטען קרוב לבאַנקראָט.

„האָב איך מיר — שרייבט ער — בעשטימט פאָרלייגען דער יודישער וועלט איין נייעם פּלאַן"...

„איך גייא מיט דעם הפך פון סיאָניזם: אָנשטאָט פּאָליטיקע האָב איך מיר ערוואָרבען גרינדליכע פריינדשאַפט פון פיל פעלקער וועלכע קיקען נאָר אַרוים איך זאָל עפּעס ענטפּאַנגען, וויא מי וועט עפענען פאַר מיר טיר אין פענסטער וויא אַזוי איך וויל. דער נצחן וואָס ניט ד"ר ערציל און ניט ד"ר נאָרדאַ קענען דער צו קימען, איז דער נצחן אין מיין האַנד; די השגחה האָט מיך אויסדערוויילט פאַר איין מלך איבער ציון... איך וויל בילדען איין חברה אָדער איין פּאַרטייא מיט דעם נאָמען אַחרונים, ווייל דער יעצטיגער סיאָניזם זיינען ראשונים, אייב מי וועט באַשטיין אין עס וועלין צו שטיין צו דער פּאַרטייא מענשין, וועל איך פערפאָלגין די ראשונים טריט נאָך טריט אין וועל באַ זיי צינעמען דאָס, וואָס זיי ווילען. אין גרעבין דער צו צו וואָס די ראשונים בכלל קענען נישט גרעבין"...

וואָס-זשע, מיינט איהר, וויל אויפטהון אונזער נייער גואל צדק? ער זאָגט עס אַרוים קורץ און גוט:

..."וועלען זייא (די ציוניסטען) ניט נעמען ציון מיט פּאָ-

ליטיקע. וועל איך נעמען מיט ידידות העמים, מיט השגחה און נצחון... ווען סי וועלן זיך יאָווען בעלנים צו אַרײַן פּריטין אין דער פּאַרטייא אחרונים. זאָל פון יעדער שטאָט יעדער מיט גלידער מיר שיקן איין קאָפּיקע... וועל איך מאַכן אַ קאָנגרעס פון אחרונים אין רוססענלאַנד. וועט מען שוין באַלד ווען ווי ריכטיג די ידידות פון פעלקער איז צו מיר"...

---

וואָס מיינט ער מיט דער קאָפּיקע — שרייבט ער ניט, נאָר בעלי־פּל איז דאָס. שיקט אַ קאָפּיקע — מאַכט ער אַ קאָנ־גרעס, און איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף צו יודישען גלות!

רינגעלע, יענקעליתנה!
שפּיל, ש, זינגעל ליעבער,
און בעקרין מיט גדולה
אונזער נייעם גבור,
וועלכער וועט אונז פיהרען
אונבעט ציון'ס פאָרטען
פון'ם מיכעל אומטיג
צו דעם בית לבנון!...

און אַרויסקומען פון דעם וועלען צוויי פּעולות: דאָס פאָלק ישראל וועט אויסגעלייזט ווערען און די פערשאָלטענע נשמות פון די נביאי־השקר, פון די פאַלשע משיחין, וועלען סוף כל סוף אויסגעלייזערט ווערען, פערלאָזען דעם עולם התהו און קומען אין זייער רוה...

שוין־ווען איז דאָס ניט ווערטה אַ קאָפּיקע?...

---

# „וזאת הברכה"...

(אַ שמחת־תורה פּאַנאָראַמע)

## I.

ניט בעוואָפּענטע מיט שפּיזען,
שטאַב און שילד און שווערד,
ריטער, שטאַרקע ווי די ריזען,
אויף די ראַשע פערד
יאָגען, פליהען, זידען, ברענען
אויף די ברייטע צירק־אַרענען
אין טורנירען־טאַנץ...
פויקען־שלאַג און פּאַקעל־פלאַמען, —
און דעם זיעגער קרוינען דאַמען
מיט אַ לאָרבער־קראַנץ...

לאָרבער... בלומען...

ניין, ניין!

דאָס געהט די יודישע קאַרוסעל מיט'ן יודישען פּאַקעל־צוג, וועלכע זענען פיעל עלטער פון אַלע קאַרוסעלען און פּאַקעל־צוגען אויף דער וועלט.

און פרעהליכער אויך.

שטיקלעך פּאָהנען, ליכטלעך, שטעקלעך...
און ס'איז פרעהליך פאָרט;
ס'פלאַמען אויגעלעך און בעקלעך, —

„קליטוישת" תולעים וקרים.
ס'חושכט און גליהט ווקס פידל יודעל
מיט א פענדיל, מיט א ליעדעל,
מיט א פייערטקעריי...
און די פולטע באסטע שבינות
מיט א טעפ, ליעגנע מינע
רופט און קוקט אויף ווי...

---

## II.

איך שטעה... איך קוק...

די גרויסע שיהל מיט די זילבערנע און קריסטאליענע הענגליכטער, מיט די קטמיותדינע קאפעליושען. מיטן קאַ־זאגעס רב און מיט א שטרענג קאויאנגם פאראנדעק. וועלבען עס הענגען אב א פאר אקאַלאַראַטשנע מיט א מנין בוראטשניקעס אים חרבו על ידנו, — און דער אלטער ביתהמדרש מיט די אבגעריבענע עמרות און ווערגנעשטאלצענע יארטעלקעס. און די שנייערשע שיהל, און די קצבים־שיהל מיטן פוילי־שען ביתהמדרש, מיטן חב״ד — אלץ שטערט און בליטשטשעט פאר מיינע אויגען און פערפאינים זיך, פאכט זיך צונויף און צוויקעלט זיך און אין לאנגע, פיעל־פארבינע פאנאראמע.

פון קריס תראשון אחד אלהינו
און כאריסשוהל, חב״ד און אין קלויז,
און כנסת־ישראל און אנבעקצום אייגע
און שינט ווי א בליהענדע רויז...

און א פשוטא שמחת־תורה:

„שמחת־תורה, האָפּעניו!
מיט'ן פּוס א קלאָפּעניו!"...

אזוי ווי עס זינגט זיך אינ'ם אַלטען יודישען ליעדעל.

---

III.

די הקפות זענען אין פולען גאַנג.

— מורינו, הרב המזרחי איז מען מכבד מיט דער ערשטער הקפה!...

— מוחל! — הערט זיך א פערשטיקטער קול, — מוחל:

אָך, איך בין שוין ארוים פון קאָן,
איי ציוניזם א חלוש
אַמאָל געוועסען אויבען־אָן
אין בגדי־כהונה אָנגעטהאָן,
איצט בלייב איך שטעהן אין פּאָלעש...
געטאַראַראַמט: — א „מכתב־עת",
„מודעות" און „אזהרות"...
געפּלאַמט, געאַרבייט ביז'ן שוויים,
און פרעגט מיך איצט, בחרם, כ'ווייס,
צו וואָס בעדאַרפט די צרות?
א וועלט — א חלום אויפ'ן וואָהר...
און ווער וועט מיך בעקלאָגען?
איין בירגער יעבין, אפשר, נאָר
וועט קדיש־יתום זאָגען...

א טעריטאָריע ד ע ר ו ו י י ל,
און שוין פון דאָרטען ציהען:
איה"ש, קיין ציון!...

— איה"ש, הייסט עס, ווען משיח וועט קומען?

יאָ, דער פלאַן איז פראָסט און פיין;
גאָט זאָל מזל געבען!
א הקפה וועט דאָס זיין
נאָר נישקשה כ'לעבען!...

---

V.

פון אונטער דער קיפע אָטשאָטען און רעפעראַטען פון דער „עקספעדיציע" קריכט ארויס א ו ג א נ ד ע.

ד ע ר ש מ ש (איבערראַשט):

— דו... טויטע נשמה... וואָס קריכסטו?

א ו ג א נ ד ע

(מיט א שוואַרץ-חנ'עוודיג שמייכעלע):

— וואַרט... דו ביזט מאַקע גערעכט... מיין נשמה אָבער שוועבט נאָך און וועט לאַנג נאָך שוועבען אינ'ם יודישען עולם-התהו-לעבען:

בעגראָבען איז אוגאַנדע שוין,
אוגאַנדע רוהט אין פריעדען;
די „יאָ-זאָגער" און „ניין-זאָגער"
זיי בלייבען דאָך ביי יודען.

א פשוט'ער ענין: פרובט, יודעלעך, בלייבען
אָהן ציצית, אָהן ציצית, אָהן ציצית!!!...

די סלאָנימער סופרים:

חיינט זאָגט וואָס וועט האָבען די וועלט פאר א פנים
און ווי וועט דער עולם זיך פיהלען
נאָר בלייבענדיג חאָטש=בי א חודש אין סלאָנים
אָהן נייע מזוזות און תפילין?!...

---

VII.

ערשטוינט פון דער שרעקליכער קאַרטינע, קוק איך זיך איין מיט דערשראָקענע אויגען אין דערוויטען — און איך זעה:

עס געהט דער שטרייק דער יודישער,
ער גיסט זיך און ער קייקעלט זיך;
און צו דער שוהל דער ווייבערשער
דערגרייכט ער פול מיט שרעק:
די רבי'צין, די גבאי'טע,
די זאָגערקע, די שפּרעכערקע,
די העבאם און די טוקערקע
א שטרייק געמאכט — אג'עק!!!

איז דאָך אויף די שוהל=שמשים, אויף די בעדער און אויף די תוכחה=עליה'ניקעס אודאי שוין קיין חדוש ניט!...

---

VIII.

נאָר געווג קלערען פון אומעטיגע זאכען. שמחת=תורה איז

היינט: און שמחת-תורה מוז מען זיין פרעהליך, מען מוז זינ-גען. און מען מוז טאַנצען בשמחה ובטוב לבב. און ווייסט איהר וואָס מ׳טאָר ניט אום שמחת-תורה!

שיסען טאָר מען ניט.

בעשיינט מיט דער זיו השכינה, שוועבט אַרום די לויטערע נשמה פונ׳ם בעל-המחבר פון דעם „שלי״ה הקדוש״ — און מיט פלאַם-פייערדיגע אותיות צינדען זיך אָן פאַר מיינע אויגען די ווערטער:

„אסור להבעיר פולוויר להשמיע קול לשמחה״.

משמעות אַז וועגן ניט דער איסור פונ׳ם „שלי״ה״ וואָלטען יודען יאָ געבאַלעוועט זיך מיט פולווער לכבוד דער הייליגער תורה אונזערער!

נאָר, ווי די מעשה איז, טאָרען טאָר מען דאָס ניט.

מיט שפּילמאַשע, קינדער,
אונזער בורא׳ס ווילען,
און געדענקט: מיט פולווער
טאָר מען זיך ניט שפּיעלען.
פולווער איז אַ סכנה,
וואָס מען דאַרף איהם ברויכען
צו אַ ציגל אַ רעכענען,
צו אַ צוועק אַ הויכען...
חוץ דעם, שיסען דאַרף מען
ווילדע וועלף און בערען,
שיסען בייזע כלבים,
פריי פון זיי צו ווערען;

אָבער, ליעבע קינדער,
פרעהליך זיך צו מאַכען,
שיסען אין דער לופטען —
דאָס איז פוסטע זאַכען!...

אוּן מ׳דאַרף עס ניט טהון.
אַזוי שטעהט אינ׳ם „של״ה הקדוש״.

---

## IX.

און ווידער ציהט זיך די ליעבע אַלטע קאַרוסעל און פון דער בימה דערהערט זיך דער אויפרוף: „יעמוֹד... עם כל הנערים!״...

„— חתן תורה!״
דער טלית דעקט זיי איבער אַלע
צושפרייט אויף זיי ווי גאָט׳ס געצעלט...
„וזאת הברכה, — שאַלט אַ בת־קול, —
צו לעבען גליקליך אויף דער וועלט:
גענוג אויף נסים זיך פערלאָזען,
פון הימעל וואַרטען אויפ׳ן מן;
גענוג „וישלח״ צו דעם אָדון
און „ואתחנן״ פאַר׳ן פּאַן.
ניט בויגט פאַר „בלק׳ן״ דעם רוקען
פאַר „פרעה׳ן״ — שטאָלץ און מוטה שטעהט;
אַליין, מיט אייגען קראַפט און ווילען
צוברעכט די שווערע גלות־קייט.
זאָל „עשו״ שאַרפען זיינע פיילען,
זאָל „בלעם״ קלינגען ווי אין גלאָק

# „א גוטער המן״.

טוק=טוק=טוק!... ווער קלאפט אין טהיר?
„— איך״... און ווי א וויכער
פליהט אריין א גרוב צו מיר:
„— שלח־מנות! גיבער!
טינט און פעדער און פאפיר
מיט א מאה גראמען, —
א פרעזענט אויף פורים דיר
פון דער ליעבער בת השיר...
גראמען ווי די פלאמען,
הייסע, לעבעדיגע, ס'גליהט
און עס פונקעלט און עס פליהט
ווי א בליטץ אין הימעל...
נא !״ — און ווערט פערשוואונדען גיך...
. . . . . . . . . . . . . . . . .
צויבער=בילדער וויעגען מיך
אין א זיסען דרימעל...
און איך זעה... איך זעה — דערקוויקט
פון א פרייד א שטילע;
אויף א בלאַהען וואָלקען ליעגט
אויסגעשפרייט די מגילה.
שרפים שטעהען מחנות־זוייז
און, ווי עפעס פון א נייס,
קלייבען פערגעניגען,

א שווערע, הארטע האנד לעגט זיך ארויף אויפ'ן אקסעל, און זכרונות פון דער ווייטער פערגאנגענהייט פערבינדען זיך און מישען זיך צונויף, מיט דער בלייכער און דונקעלער פראזע פונ'ם דונקעלען, וואכעדיגען לעבען...

*

* *

צייטען בייטען זיך. דאס איז א כלל גדול פון דער אלטער באבע-היסטאריע; און זי דערווייזט עס מיט טויזענדער סימנים.

די אלטיטשקע איז אבער ניט דורכאויס שטרענג און ערנסט אזוי ווי עס פאסט טאקע פאר איהר. צייטענווייז, און אפשר ניט-ווילענדיג, וויצעלט זי זיך גאר ניט שלעכט און רופט ארויס ביים לעזער א שמייכעל אויף די ליפען... עס מאכט ניט אויס א קרומען, א ביטערען שמייכעל...

אט הערט א וויטץ:

---

אין יאהר 1672 איז אינ'ם קעניג-פאלאץ אין דארף פרע-אבראזשענסקאיע פארגעקומען א סצענע, איבעראל א זעלטענע אין יענע צייטען, ניט נאר אין די ווייטע געגענדען פונ'ם וויל-דען און פינסטערען שאנד, נאר אויך אין די העכסטע קרייזען פון דער אלטער קייזער-רעזידענץ מאסקווע.

אינ'ם הויף-באלאגאן, וואס האט זיך גערופען „קאמע-דינאיא חארא מינא", איז געגאנגען א טעאטער-שטיק מיט'ן קונציגען נאמען „ארטאקסערקסאווא דייסטוואַ".

פּשוט געקרעגט — „פּורים־שפּיעלי".

דער צאַר אַלעקסי מיכאַילאָוויטש מיט דער קעניגין און מיט די קינדער און אינזשענערים מיט די גאַנצע רעמאַלטינגע הויף־אַריסטאָקראַטיע האָבן געזעסן און געקליבן נחת פון דער מאָנגער־שטרענגער פאָרשטעלונג.

די טרופּע איז באַשטאַנען פון 64 קינדער, און רעזשיסאָר איז געווען דער לוטעראַנישער פּאַסטאָר גרעגאָרי. אַ מענש. די סוזשעט־איזם. אַ שמחה אין דער מגילה. אַ סימן דערצו: ליט דעם בעפעהל פּנ'ם צאַר, האָט מען דעם פּאַסטאָר, אַלס האָנאָראַר, אַרויסגעגעבן פון קאַזנאַ 40 שיבלענע פעלכלעך דאָס האָבן באַטראָפן דעמאָלט גאַנצע הונדערט רובל מיט אַ צואָב פון נאָך אַ פּאָר פעלכלעך בסך 8 רובל. און דאָס ווערק אַליין, די „אַרטאַקסערקסאָווא דייסטוויע" הייסט עס. איז באַפּוהלען געוואָרן איינצובינדן אין סאַפיאַן־לעדער, באַפּוצט מיט גאָלדענע אָרנאַמענטן. — אַ כבוד, וואָס די מגילה האָט ניט געהאַט זינט די וועלט שטייט.

וואָס, אייגענטליך, איז אַזוי געשפּילט אין דער „דייסטוויע" דעם צאַר אַלעקסיי מיכאַילאָוויטש? מרדכי'ס גדולה, המן'ס מפּלה, צי ושתי'ס ליכטיגער שטערן?...

בלי ספק, הויף־קאָמיש האָבן געמוזט אויסזעהן די אַלע 64 אַקטיאָרל'ך, אָנגעטאָן און אויסגעשליערט אַלס „פּערזאָנען" פון דער אַלטער מגילה. לאַכן איז געווען פון וואָס, אָבער בעצם פּנ'ים אינהאַלט וואָס איז געווען אַזוי נתפּעל צו ווערן?

מיט יודען איז דער צאַר באַקענט געווען שוין פון לאַנג.

דערהויפּט מיט ווילנער יודען, וועלכע האָבען געהאַט די זכיה צו זעהן איהם פּנים אל פּנים ביי דעם טריאומף אין ווילנאַ נאָך זיין נצחון אין דער מלחמה מיט פּוילען.

צו האָבען ביי איהם מיט וואָס ניט איז נים נושא־חן געווען די ווילנער יודען — ווייסט מען ניט; נאָר דאָס איז בעוואוסט, אַז די דעמאָלדיגע ווילנער שווארצע מאָה האָט גרייליך געפונען חן און לייטזעליגקייט אין זיינע ליכטיגע אויגען, און ווען פון די דאָרטיגע דוּבראָווינצעס איז אָנגעקומען אַ בקשה, אַז מען זאָל יודען פערוועהרען וואָהנען אין ווילנאַ, איז אָבגעגעבען געוואָרען אַ פריקאַז: „די יודען אַרויסשיקען פון ווילנאַ און ערלויבען זיי צו בעזעצען זיך הינטער דער שטאָדט־גרענעץ", — ווי אין פּסוק שטעהט: מחוץ למחנה.

— גוואַלד! — האָבען געקלאָגט די ווילנער יודען, —

גע'טענה'ט צו גאָט:
„גוואַלד, טאַטעניו, מיינער!
וו'הייסט, הינטער דער שטאָדט?
נאָר מעשה־ציגיינער!"...

ווי איהר זעהט — פּונקט דער היפך פון דעם, צו וואָס עס האָט זיך דערקלעהרט מיט כמה יאָהר שפּעטער אונזער אַלטער גוטער פריינד, דער גראַף איגנאַטיעוו. צייטען בייטען זיך: פריהער — מעשה־ציגיינער, דערנאָך — מעשה־אַרעסטאַנט...

נאָר אויב ביי דער פאָרשטעלונג פון דער „אַרטאַקסער־קסאָוואָ דייסטוואָ" איז געווען אויך דער פירסט שאַחאָווסקאָי, דער ערשטער רוסישער וואָיעוואָדאַ אין ווילנאַ, האָט ער בפירוש געמעגט זאָגען:

— הערט, ווי ציטערן ביטערן זיך. המן הרשע האט גע-
וואָלט אויסהרג'ענען די יודען פון גאנץ פרס ומדי. און איך
האָב מיך בענוגענט מיט פּרויסטרייבען דאָס ביסעל זשידאָקלעך
פון ווילנא. איצט, וואָס פאַר אַ גוט האַרץ איך האָב!

און וואָס האָבען געטראַכט די ווילנער יודען?

ווער ווייסט. אפשר אויך טאַקע: „שאַ. וואָס איז דער
ליאַרעם? און אין שושן-הבירה, אָהן מרדכי'ן מיט אסתּר'ן.
וואָלט בעסער געווען?"

און אַ ווייטע לויב געשיקט
צו זיין ליעבען גאָטען;
וואָס ער האָט ווי דאָ בעגליקט
מיט אַ „גוטען המן“...

---

דער גלגול-הנפש. אָדער. ווי רופט מען דאָס. די עוואָ-
לוציע, פונים המנ'ס טיפּ איז צו בעמערקען אויך אין אונזער
צייט.

למשל — באָבּרישטשעוו-פּושקין.

ווען איוואַן גראָזני האָט איינגענומען פּאָלאָצק, און מען
האָט איהם געפרעגט, ווי זאָל מען זיך בענעהמען מיט די דאָר-
טיגע יודען, האָט ער געענטפערט: „— ווייל זיי ווער שמד'ן—
שמדים; נים — וואַרפט אין טייך אַריין“. קורץ און גוט.

איוואַן איוואַנאָוויטש באָבּרישטשעוו-פּושקין איז ביי גראָזנין
אַ יונגער געווען, פאַר בלוט פלעגט ער בוראי זיך נים שרעקען.

היינט אז מען הייסט דערטרינקען יודען, בעדארף מען דאָך זיין א רוצח אויף זיך אליין אָבצוזאָגען זיך פון אזא דבר־מצוה, נאָך מיט אזא תּענוג דערצו.

איז דאָס געווען אין יאָהר 1563, און אין 314 יאָהר ארום האָבען מיר דאָס פערגעניגען צו זעהן א באָברישטשעו. פושקין, וואָס שרייבט אין „נאָוואָיע ורעמיא“ חי־וקיים און שווערט ביים עלטער־עלטער־זיידענס בייטש־שטעקעל:

נעהממ און פאַטשט איהם אָהן א ברעג
האָטש איןביידע באַקען;
זאָל ער אויפ׳ן גלייכען וועג
ברעכען האלז און נאַקען.
זאָלען שטיקער־וויין די הויט
שרים פון איהם רייסען;
אום׳ברחמנות׳דיג אויף טויט
מיט נאַגייקעס שמייסען.
זאָל ער שלינגען גיהנום־לופט,
אין א קעסעל זיעדען, —
אויב ער האָט האָטש וועו געפּרובט
טראַכטען שלעכטם אויף יודען!

אומגעקעהרט, ער טענה׳ט די גאַנצע צייט, אז על־פּי יושר דאַרף מען יודען אויך געבען... דאָס, וואָס מען וועט מסתּמא אלעמען געבען — אין סטאָליפּינ׳ס פּאַרלאַמענט.

ס׳אַר גוט־האַרץ דאָס איז, — זאָגט דער קיעווער ראש־גלותא. לאַזאַר בראָדסקי, זיצענדיג ביי א„בעזיג“ מיט יוזעפאָ־וויטשען, — ס׳אַר א גוט־האַרץ, ס׳אַר א ריינע, כּשר׳ע נשמה; געזונד זאָל ער זיין!...

אין נאך אַ מיטעל!

בשעת איוואן איוואנאוויטש האט געהאלפן ווארפן די פאלאצקער יידן אין טייך אריין, זענען געשטאנען דערביי, קוקענדיג אויף די אינטערעסאנטע סצענע, צוויי גרויסע לייט פון גראָנים תבריא: דער באיארין אנדריי וואסילעוויטש און דער באיארין פיאדאר מיכאילאוויטש, ביידע פון דער משפחה טרובעצקאי. מעגליך אז אליין, ווען עס וואלט זיך געווענדט אָן זייער גוטן ווילן, וואלטן זיי דערויף נישט מסכים געווען; היות אָבער דאָס האָט געהייסן טהון דער צאר, האָט מען גע-מוזט שטעהן און צוזיגג געבען, אז קיין איינציגע יודישע פאה זאָל נישט דערוויזגען ארויסשטעקן זיך פונ'ם וואסער.

— אוי, סלאווא, וואגישא! — האבן די אונטערגע-געבענע חסך איוואן איוואנאוויטשן, — מאפי, מאפי איח, פראַ-קליאטיך!... מאק, מאק, סלאווא, וואגישא, ליחא!...

יודען אין ווסלאגר טרענקט מען איצט נישט נור אין פאַ-לאצק; אין טיטענידער טייכען ראנגלען זיי זיך טיט'ן מלאך-המות. אם-אם געהט מען צום גרונד... אין וועריושע געהט מציל זיין זיי פון טיט-געפאהר! די ביידע באיאר'נ'ס אני-אור-איינקעל, — דער פירסט יעוויגעני טרובעצקאי, א פראפעסער, א פילאזאף און, ווי מען זאגט, טאקע א גאנץ ערענטליכער מענש.

ווי אזוי-זשע האט ברעה דער ליעבער תלמיד-חכם מציל זיין יודען פון דערטרינקען צו ווערען?

— ביסלעכווייז. א ציה געטהאן און אבגערוהט זיך. אבגערוהט זיך און ווייטער א ציה געטהאן...

און ווייסט איהר, אויף וואָס נאָך פאַר אַנ׳אופן?

ניט נאַריש און ניט שלעכט געווים:
כדי די פיש און טייך ניט שרעקען,
פאַמעליך ציה׳ן פאַר די פים,
דעם קאָפּ געלאָזט און וואסער שטעקען...

---

יאָ, מיינע ליעבע פריינד, צייטען בייטען זיך!

צייטען פליהען יאָהר נאָך יאָהר,
צייטען פליהען ווי די שטראָמען;
און געוועהנליך יעדער דור
האָט זיך זיין בעשעהרטען המן.
איינם נאָר בלייבט: זיין ליעבען נאָמען,
— אונזער אלטען אָפּעקון —
איצט און אייביג רחמים בעטען,
ער זאָל אונז דעם חסד טהון —
פון די גוטע המנ׳ס רעטען
(וואָס מיר האָבען אָהן א שיעור
אויף דער וועלט פון זיי געליטען);
פון די בייזע וועלען מיר
ווי ניט איז אליין זיך היטען!...



# דער רויטער געלעכטער.

(צו שלום־עליכם׳ס יובילעאום).

---

װאָס איז ער, ליעבע יודען, װאָס איז דער אמת׳ער, עכט־יודישער, רויטער געלעכטער!

דעם 11-טען אָקטאָבער 1883 האָט ער זיך א גאָס גע־טהאָן פון שלום־עליכם׳ס הארצען.

און פינף און צװאַנציג יאָהר האָט ער ניט אויפגעהערט צו פליסען איבער די יודישע גאַסען.

א געלעכטער מיט קרעכצעניעס, א געלעכטער מיט יאַכטס־שקעס.

א געלעכטער, װאָס האָט געקריצעלט מיט קאַלטע, אויס־געדאַרטע, איינגעהונגערטע פינגער.

א געלעכטער, װאָס האָט געזאָלט שטעכען און בריהען װי מיט צונליהטע גאָרלען.

א געלעכטער, מיט װעלכען עס לאכט יענער, בײ װעמען דער תּלין מאַטעװעטראַרים די קישקעס*).

---

*) Bowels

אָט דאָס איז געווען אין פערלויף פון פינף און צוואַנציג יאָהר שלום־עליכם׳ס געלעכטער.

און אַז דער געלעכטער איז רויט ווי בלוט און הייס ווי בלוט — דאָס האָט מען בעמערקט ערשט איצט.

אין פינף און צוואַנציג יאָהר אַרום.

און וואו?

ערגעץ אויף אַ סטאַנציע באַראַנאָוויץ!

בנאמנות, אַ געלעכטער!

אַ כל־ישראל־געלעכטער!

און שוין־זשע אויך איצט וועט שלום-עליכם׳ס בלוטיגער געלעכטער זיך אָנשלאָגען אָן דער אַלטער, טויבער, קאַלטער וואַנד פון אונזער קאַלטבלוטיגקייט און גלייכגילטיגקייט; אָן דער שווערער, שוואַרצער חמרע, וואָס האָט שוין איינגעשלונגען און אויפגעפרעסען אַזוי פיעל, אַזוי פיעל בלוט און מאַרך, געזונד און חיות פון דעם וויסטען, עלענדען, יודישען מחבר?!

דער געלעכטער, דער געלעכטער, דער הייסער, רויטער, יודישער געלעכטער!...



הוליעט, קליפות! טאַנצט, מזיקים!
מאַך אַ סעודה, אַשמדאי!...

דריי טעג מיט דריי נעכט איז געגאַנגען די סעודה. פּשעניטשקעס און מאַמאַליגעס זענען געפלויגן ווי פויגעלעך איבער די דעכער. בעסאַראַבער רויט־ווײַן האָט געפליוחעט פון די פּעסער, ווי דאָס יודישע בלוט איבער די גאַסען... און פערקראָכען הינטער די אייוועגס זענען געזעסען קישינעווער יתומים און אַלמנות און שטיל־ינקערהייד (דער גאָראָדאָוואָי זאָל ניט דערהערען) אונטערגעבאָמקעט אַ מזל־טוב דעם נייעם דעפּוטאַט, אונגעפעהר בזה הלשון:

פּאַוואָלאַקע, פּאַוואָלאַקע,
בעל־הבית פון היגען סדום!
ווין זאָל דיר אין בויך אַ מכּת
און אין האַרצען אַ פּאָגראָם!

קיין שום צווייפעל ניט, דער וואונש איז געווען אַנ'ערנסטער, אַ געטרייער, טאַקע וואָס ס'הייסט פון פולען האַרצען. פּאַוואָלאַקען אָבער האָט דאָס גאָר ניט געשאַדט. אָבגעהוליעט דריי טעג מיט דריי נעכט און בעגלייט גרויסאַרטיג מיט פּויקען, טאַצען, גלעקער־קלאַנג און שרים־רומפּלען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין אַ סאַלאָן־וואַגאָן אויף „קאַזיאָנע־סטשאָט" און היידאַ, קיין פּעטערבורג!

צו דעם מקור, פון וואַנען
ס'קומען אָן קרושעוואַנ'ען
(קענען נאָכט ניט דערמאַהנען!)
די „עכט־רוסישע" פּאָהנען...

און קרושעוואַן איז אין דומע!...

*

* *

קריסטיען איז אין רוסיע. אין די פּעטערבורגער פּאָליטמאַ־ניסטען, וואָלטן לעבען. זיצען און זענען זיך מתחכם אין דער טיפער שאלה: צי איז דאָס ניט וואָס ער איז דאָ, צו ניין? און כמעט אַלע ענטפערן בפה אחד: „ניט. מחמת, אדרבה, אַז לאַמיר הערן. וואָס וועט ער מענהן, דער תכשיט, און ווי אַזוי וועט ער זיך ערלייבען דאָ, אין רוסיע...“

— ער וועט זיך ערלייבען, מיינע ליעבע פריינד, אידהר מעגט זיין זיכער. די פראגע איז אָבער גאָר ניט אין דעם, וואָס וועט ער מענהן און וואָס וועט ער זיך ערלייבען. וואָס־ושע דען, — פרעגט אידהר? אַ־ענטפער אויף דעם איז, ווי מיר דאַכט, אָנגעטרייט שוין אַ צייט פון דריי־פיער טויזענד יאָהר צוריק. ווענינגסטענס אַזוי לאַנג וויפיעל עס עקזיסטירט דאָס אַלט־אַלט ביבעל, אין וועלכען עס דערצעהלט זיך:

ויהי היום ויבואו בני האלהים להתיצב על ה׳ — אמאָל זענען געקומען גאָט׳ס ליעבע קינדער, די מלאכים, פאַרשטעלען זיך פאַר זיין ליעבען טאַטען. „ויבוא גם השטן בתוכם“ — איז דער שטן, אַ מפלה׳ה אידם, אויך געקומען צוזאַמען מיט זיי.

קאָנטיג איז דאָס געוועזען נאָך אין יענע צייטען, ווען אויפן הימעל האָט מען נאָך געהאַלטען וויפיעל ניט איז פון דעם פאַר־שין מיט די ברייטע, שוואַרצע פליגעל. אין דער לאַנגער, שוואַרצער זשופּע מיט אַ פּרוס, תנ״ך־וועדיג שטייבעלעך (ווען דאָס האָט געפּאַסט) אויף די רינגע, בלייבע ליפען, מפלפל געוועזען זיך

מיט איהם אין חקירה־און־אמונה־זאכען און אלץ נאָך ניט גע־
גלויבט, אז דאָס איז אַ פּשוט'ער שווארץ־מאה'ניק, אַ בלוטזויגער,
אַ ווילדע ביזע חיה...

האָט מען זיך צורעדט מכּח איוב'ן.

— דו, שטן, זאָגסט: איוב איז דער פאַר גוט און פרום,
ווייל עס לעבט זיך איהם רוהיג און גליקליך, און אז מען האָט
עולם־הזה, איז ניט שווער אָבשפּאָרען אויף עולם־הבא? טאָ נעהם
און מאַך אַ תּל פון זיין האָב און גוטס, עס זאָל אַ שטיין אויף
אַ שטיין ניט בלייבען, און לאָמיר זעהן, וואָס וועט פון דעם
ארויסקומען...

— איא, שטן, עס העלפט ניט? אלא וואָס? פּשוט אַ פּאָ־
גראָם זאָגסטו, איז ווינציג? די זיהן זיינע דער'הרג'עט, די טעכ־
טער פערברענט, אלץ נאָך ניט גענוג? אַ מענש, זאָגסטו, איז
בכּח צו אלץ געוועהנט צו ווערען, איז פערלאַנגסטו אז ער
אליין זאָל איבערגעגעבען ווערען אין דיין רשות? גוט, מען איז
אויף דעם אויך מרוצה, נעהם און טהו מיט איהם וואָס דיין
הארץ גלוסט, און לאָמיר זעהן וואָס וועט פון דעם ארויסקומען.

און דער שטן האָט אלץ איבערגעפּרובט מיט'ן אונגליק־
ליכען מענשען. וואָס דער סוף פון דעם איז געוועזן — ווייסט
איהר.

דער פרומער מחבר פונ'ם ספר איוב דערצעהלט, אז עס
האָט ניט געהאָלפען. איוב האָט איבערגעטראָגען די גרעסטע
פּייניגונגען, וואָס אַ מענש איז נאָר אימשטאַנד זיך פאָרצושטעלען,
און איז פאָרט געבליעבען גוט און פרום, פרומער פון אלעמען

אינעם לעבער עפּעס און אפילו אין גאַנצן שרעקלעך.

•

• •

— נו, און דער שמן!

דער שׂכל הישר איז מחיב. אז נאָך אַלעמען, ווי שווער ס'איז אים ניט געווען, האָט ער פאַרט בעדאַרפט קומען און — אינעם פון די ביידע — אָדער מודה זיך זיין אויף זיין מפּלה, אָדער פּרובירן זוכן נייע פּשט'לעך מיט המצאה'לעך און סמאַרען זיך דערווייזן, אז ער איז גערעכט.

ויהי היום און ער איז געקומען מאַכן. די פּראָוואָקאַנטע אייגענע דינגע! געקומען — אַזוי ווי איינער פון די הונגע ציטונגען דערצעהלט זיך פון קרוסטיאַנטן — בלייבער עמיואָס פון געוויכט און אַזוי ווי אַבהענגיג אַ ביסל. און אָט־אָ דאָ איז שוין געקומען די רעכטע צייט פאַר די בני־האלהים ארויסצוטרע־טן מיט היכל און קלאָרע דבורים און פאַרשוואַרצן אים דעם פּנים ווינקל...

און, נאָך דו ליטבער! וואָס פאַר גרויסע און סטבטינע רעדנער־מאַלאַנטן האָבן מיט אַמאָל איינגעשטראַהלט און אַ מאָס געטהון זיך אויפן שמן פון אַלע ווייטן!

עס האָט דאָרט געטרייסט און געקאָכט, און געברענט,
עס האָט זיך דער הימל געשוויקט ווי אַ ווינקל...
עס האָבן געצווינקן זיך מיזוקאַנטער הענט,
געפּאַטשקעט סליאַנקען צוזאַמקריבטע פליגל...

עס האָבען זיך רעדעס געגאָסען אַרום
ווי טייכען פון פלאַם און זיריגען שוועבעל...
און ער איז געשטאַנען פּצרוויקעלט אין נעבעל,
דאָס פּנים פערדעקט מיט די הענד, בלייך און שטום...
און ציטענווייז פלעגט נאָר אַ פונק אויפ׳ן שטערען,
מיט בלוט־דאָרשט און האַס, נאָר אָהן קראַפט און אָהן מאַכט,
אַ צאַנק טהון ביי איהם און פערלאָשען באַלד ווערען,
אַזוי ווי אַנ׳אויג פון אַ וואָלף ביי דער נאַכט...

די פלאַם־פייערדיגע רעדעס האָבען זיך געגאָסען און גע־גאָסען איינע נאָך דער אַנדערער ביז וואַנען ער, דער שוואַרצער ימח שמו׳, האַט מעהר שוין אויסהאַלטען ניט געקאָנט און, ניט וואַרטענדיג אויף דעם בשר־פערדיענטען האַלז־און־נאַקען, האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אַראָב און איז פערשוואונדען געוואָרען אין דעם וויימען פינסטערן אָבגרונד.

וואו ס׳הערשט נאָך און קעניגט
דער אַלטער מיוחס,
דער ויידע פון אַלע
מזיקים און רוחות;
דער נחש־הקדמון, —
ביי איהם, ביי דעם אַלטען
מקטרג, זיין גרויסע
מפלת בעהאַלטען...

און ריין און העל איז געוואָרען אויף אַלע זיעבען הימ־לען... אַ קול דממה דקה, אַ וואונדער־מחיה׳דיגע שירה האָט זיך צוגאָסען איבער די גינגאָלדענע געוועלבען, איבער די שטראַה־לענדע עטהער־טייכען...

דעם שווארצען רוצח? איצט, איצט?!... וואי-זשע זענט איהר געווען פריהער? וואו זענט איהר געווען דעמאָלט. ווען מען האָט איהם געגעבען רשות צינדען און ראַבעווען איוב'ס גוטס, הרג'ענען איוב'ס קינדער, און איהם אליין פּייניגען מיט די גרעסטע און שרעקליכסטע ענויים? דעמאָלט האָט איהר גע-שוויגען?! דעמאָלט האָט איהר זיך ניט דערוועגט אַ וואָרט, אַנ'איינציג וואָרט אַרויסזאָגען פאַר דעם אומגליקליכען! פאַר וואָס-זשע האָט איהר דעמאָלט ניט אויפגעהויבען אייער צאָ-רענדיגען קול אָבצושטעלען די שרעקליכע, מערדערישע גע-וואלט? עס האָט אייך מוטה געפעהלט דערצו? פּחדנים! קנעכט! איהר האָט ניט געקאָנט? גוט. וואָלט איהר ווענינגסטענס געטהון דעמאָלט דאָס קלענסטע, דאָס איינציגע, וואָס אייך איז דאָך ניט פערווערט געווען: מיליאָנען, צעהנדלינגער מיליאָנען אלע אינאיינעם אַרויסזאָגען הויך און אָפען אייער טיעפעם מיטגעפיהל, אייער ברידערליכע רחמנות צום ליידענדען און אייער אַלגע-מיינעם פערלאַנג צו דערבאַרעמען זיך אויף איהם... דאָס אפילו האָט איהר אויך ניט געקאָנט?!... און איצט... רעד-נער! רעדנער!... שירה-זינגער!... פּועלט-זשע לכל-הפּחות דאָס איינציגסטע: פערזיכערט איוב'ן, אַז מעהר וועט שוין אַזוינס ניט געשעהען מיט איהם. איהר הערט? דאָס איז איצט אייער הייליגער חוב. איין מאָל פאַר אַלע מאָל — דאָס דאַרפט איהר טהון, דאָס מוזט איהר טהון!"...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

*

* *

אלזאָ, מיינע ליעבע פעליעטאָניסטען? האָט עפּעס אַ גרוי-

# ליעדער פון דעם יודישען זשארגאן.

## פראלאג.

ט־ס־ס־ס!... שאט!... איהר הערט?
דאָס קליינע זילבערנע גלעקעלע קלינגט און קלינגט צווישען די פייכטע, גרינע בלעטער...
דאָס זינגט און וויינט, זיפצט און לאַכט א רייני̇נקע, הייליגע נשמה׳לע, וואָס שוועבט און פליהט אַרום אין דער העלער, פרישער אָוועגד־לופט...
דאָס רייני̇נקע, הייליגע נשמה׳לע שוועבט איבער די פעלדער און גערטנער, בערג און טהאָלען...
הויבט־אויף און בויגט ווידער אוים גלייך און שטאָלץ די איינגעבויגענע זאנגען און די צווייגען פון די יונגינקע בוימעלעך...
בעשפריצט מיט טהוי די פערטריקענטע און פערשטויבטע בלעטער פון די גרויסע, אַלטע עפּעל און איילבערט־בוימער...
ציהט־צונויף און פערמאַכט די שעהנינקע געקרייזועלטע קעפּעלעך פון די רויזען...
„— שלאָפט־איין, שלאָפט־איין, מיינע ליעבע קינדערלעך — זינגט דאָס רייני̇נקע, הייליגע נשמה׳לע —
„— שלאָפט־איין!... מאָרגען, אז די זונן וועט אויפגעהן, וועל איך ווידער קומען, וועל אויפמאַכען אייערע פערשלאָפענע אויגעלעך, וועל אָבוואַשען אייערע קעפּעלעך מיט דעם פרישען זילבערנעם טהוי...
„— און איהר וועט זיך ווידער באָדען אין דעם העלען

פּנקי־פּרי. איזר ריכט זיך װידער װאַרעמען אין די גאָלדענע שטראַהלען...״

דאָס זילבערנע גלעקעלע קלינגט און קלינגט... װײַטער־פינקלעך מיט רױטינקע, בלױענקע, גאָלדענע און זילבערנע קױטעלעך איף די רינינקע װידעגע און סאַמעטענע פלינעלעך פליהען און פלאַטערן אין דער לופט...

דאָס רײנינקע, הײליגע נשמה׳לע שװעבט און קומט־צו צו מײן פענסטער...

„— אַ גרוס, ליעבער אײנער דיר, מײן קראַנקער, מײן טרױעריגער, פערקלאָגטער, פערזאָרגטער יודישער חבר!״ — הערט זיך מיר אַ ליעבע, אַ װײכע שטימע:

„— אַ גרוס דיר פון דעם בארג „כרמל״, פון מדבר „שרון״! —

און אַ גאַנצער הימעל װײַסינקע ליליען און רױטינקע רױזען שיטען זיך־אַרױס איף מײן שרײַב־טיש...

און נעהם אַראָב פון דער װאַנד מײן פידעל — די אַלטע, הײליגע האַרפע, װאָס איז אַמאָל געהאַנגען איף די װײַדנבעס בײַ׳ם ברעג טײַך אין בבל...

מײַנע בלײכע, דאַרע פינגער הײבען אָן צו ציטערן איף איהרע אָנגעצױגענע גאָלדענע סטרונעס. — און אַ ליעד, אַ װײכע, ליעבע ליעד, קלינגט און גיסט זיך אין דער בלױער, קיהלער אָװענט־לופט:

* * *

און אַ קראַנץ פון העליע שטערען,
אױסגעציערט אין הימעל־פּראַכט,
איף די װעלדער, איף די פעלדער
שװעבט די שטילע, בלױע נאַכט:

*  *
*

פערעל שיטען זיך און פאלען
אויף דאָס גרינע גראָז אראָב
פון די לאנגע שווארצע לאָקען
פון איהר שענעם, שטאָלצען קאָפּ.

פערעל שיטען זיך און גלענצען,
בלומען פאלען אָהן א צאָהל
אויף די גערטנער, אויף די פעלדער
און אויף יעדען בארג און טהאָל...

„פערעל... בלומען..."

אַך, חלומות... חלומות!

די מוזע, די אייביג-יונגע און אייביג-שעהנע מוזע, מיט די לאנגע ברוינע לאָקען, מיט די בליהענדע ראָזאָווע בעקעלעך, מיט די פרישע רויטינקע ליפּעלעך, וועלכע עס קיסען נאָר מלאָכים, די שעהנע, געטליך-שעהנע בת-מלכה מיט א זיעבען-סטרונענע אַרפע אין איין האַנד און מיט א לאָרבער-קרענצעל אין דער אַנדערער, די קינצליכע זינגערין און שפּילערין, דאס ווייסינקע, אונשולדיגע, ליעבע טייבעלע... וואו איז זי? וואו איז זי?... חלומות!... חלומות!...

*  *
*

בלאָס ווי די וואנד, מיט בלייע, פערטריקענטע ליפּען, מיט קראנקע, קורץ-זיכטיגע אויגען, מיט געלע, אָבגעבליאַקע-וועטע באַקען, איינגעבויגען דעם רוקען און אָנגעשפּאַרט מיט ביידע דאַרע, איינגעשרומפּענע הענד אויף א שטעקען, שטעהט פאַר מיר א זקנה, א דאַרע, א קוואַרע, פער'חושכ'ט, פעריאָמערט, אָבגעריסען, אָבגעשליסען... זי האַפּט זיך אָן מיט ביידע הענד

ניים תורות, פערנעמט זיך אין א לאנגען מיטאג, שרעקליכען הוסט און היסטעריש סמערעט ד זיך עפעס אויסצירידען...

אך קוק זיך שיין אין איהר בלאסען, איינגעקנייטשטען פנים, הער זיך שיין אין איהר הייזעריגען קול און קען אבער קיין איינדרינגען וואָרט ניט פערשטעהן..

און איהרע בגדים!!....

אנגעלעגט, צעריסענע, צעביסענע, פערשמאָרעמטע וואַ-טיקען; איין שרבעל א געלער, דער אנדערער א בלויער; איין פאלע א רויטע, פערקאָפעט מיט הבדלה־וואַקס, מיט טשאָלענט-יוך און מיט נאך עפעס .. די אנדערע פאלע א שווארצע, פון אויבען ביז אראָב בעמאָלט מיט פיפערנאָטערס, וועלטהירען, קאפהענער, מיל־אַיילען, סנירורלען, לכבודלען, לפיקלען און נאַזיאַרטס — אויסגעקריזעלטע און אויסגעקינסטעלטע — א חיות! אויף דער פליצע אויסגעדרוקט מיט רש״י־כתב א שפרוך פון אנ׳יענע הרע:

„איטשמריביז — דאָ שפראך דער מלאך;
האיהן חילכם דו אהין געהן! —
— צו פלוני בן פלוני, וויל עסען זיין לייב
און טרינקען זיין בלוט...״ וכו׳.

אויף איין פוס א חליצה־שיכעל. אויף דעם אנדערען א ווייסע יום־כפור־זאָק; אויפן קאָפּ...

נאר גענוג!...

ווייסט איהר ווער דאָס איז!

וועה צו אונז, וועה צו אונזערע יאהרען!

דאָס איז ד, אונזער ליעבע, טייערע, יודישע ושארנאָי-מיזן!...

אַלץ שיינט און גלענצט, און לייכט אויף איהר,
עס קלינגט און זינגט, און בליצט...
אַ גוטען אָבענד, באָבעניו!
פון וואַנען קומט איהר איצט?

— פון וואַנען?... חהע־חהע־חהע!... אַ שאלה! — פון מזרח־וואַנד, נשמה מיינע, פון מזרח־וואַנד!...

געשוואומען אויף אַלע זיעבען ימים;

געשפּיעלט זיך מיט'ן לויתן;

געפאָהרען רייטענדיג אויפ'ן שור־הבר;

געוועזען אויף יענער זייט סמבטיון, ביי די רויטע יודעלעך;

געגעסען באָקסאָרען מיט מילגראַמען;

געקוקט ווי דער הימעל שפּאַלט זיך;

געוואָהר־געוואָרען די לויתנ'טע אין דעם ים־המלח (נישט'קשה, זי זאַלצט זיך, וועט ניט קאַליע ווערען)...

און אָט, נאַ קוק, איך האָב דיר געבראַכט מתנות: זעהסט? —

אָט איז אַ שטיקעל קראָפּיווע, וואָס וואַקסט נעבען דעם כתל־המערבי;

אָט איז אַ הויפען ערד פון דער מוטער רחל'ס קבר;

אָט איז אַנ'איי, אויסגעקאָכט אין די הייסע קוועלען פון טבריה;

אָט איז אַ שטיקעל פּאָדקאָווע פון בלעם'ס אייזעל...

... נאַר, בקיצור, געגוג פון דיינעטוועגען... האַ? יואָס? יאָ, יאָ, איך וויים, כ'וויים: דו ווילסט נאָך עפּעס: גרינס, ווילסט דו — אַ גרעזעלע, אַ בלעטעלע, אַ בלומעלע.. אוי, דו נאַר, דו נאַר!... נו, נאַ דיר, נאַ... אָט האָסטו — אַ גרינינקע,

„— מה שמך?” פרעגט ווידער דער מלאָך. „ישראל'יק!
איך זאָג דאָך אייך, פּאַני... מיין נאָמען —
ישראל'יק... אַזוי טאַקע הייס איך, ישראל'יק,
קאָטאָרי... וואָס... וועלכער... געקומען

פון האָלטיע... אַ יודישעס שטעדטעל... איהר ווייסט דאָך...
„— מה שמך? מה שמך? ענה לי!”
שרייט ווידער דער מלאָך פון אויבען מיט כעס:
„הוי, רשע! מה שמך?!...” „— נו מילא...

בקיצור, וואָס ליארעטעט ער דאָרט? — טראַכט ישראל'יק
כ'פערשטעה גאָר ניט, חלעבען... אַ חידוש!
מיר דאַכט זיך — אַ מלאָך... אַ יודישער מלאָך,
און זעה נאָר! — פערשטעהט ניט קיין יודיש!...”

„— איי, פּאַני... רב מלאָך!... פּרובט ווידער ישראל'יק,
נאָר דאָ האָט איהם עפּעס גענעבען
אַ שליידער, אַ שמיץ אין דער הויך, — אין איין רגע
איז ער חלשות געבליבען...



געקומען איז צו זיך ישראל'יק דער לאַנגער
גאַנץ ווייט שוין פון דעם בית־הקברות
ער קוקט זיך ארום... גוואלד! וואו איז ער, וואו איז ער?
וואָס זענען דאָס נאָך פאַר אַ צרות?!...

ער איז אויפ'ן הימעל, ער זיצט אויף אַ וואָלקען;
אַרום איהם פון אַלע פיער זייטען,
ווי אָדלער אים פעלד פליהען הונדערט מלאָכים —
זיי פיהרען... וואָס זאָל עס בעדייטען? —

זיי פיהרען, זיי פיהרען און ברייננען און שטעלען
אַוועק נעבען איהם עפּעס זקנים
מיט גרויסע שפּאַקולען, מיט ביבער, מיט פּענעס...
וואָס איז דאָס?... ער קען ניט קיין איינעם.

## ב.

איהר ועהט אַט דאָרט דעם אָרימאַן ?
זיין אַלטער, גרויער קאָפּ געבויגען,
די ליפּען בלייך, די באַקען געל,
און טרעהרען טריפען פון די אויגען.

דאָרט אויף אַ שטיין, ביי׳ם גרויסען וועג,
זעצט ער זיך צו, מאַכט אויף דאָס זעקעל...
אַך, וויפיעל מינים ברויט איז דאָרט —
פון יעדען, יעדען סאָרט אַ ברעקעל.

פערדאַרט, פערשימעלט זיינען זיי,
בעדעקט מיט שטויב, ארומגעביסען...
עס איז איהם אָבער, געביך, ליעב —
אַבי האַטש עפּעס צו געניסען.

אַ לעפּעל וואַרעמס, אַ געקעכטס
צו געבען איהם וואָלט זיין אַ יושר...
איהר ועהט דעם אַלטען אָרימאַן ?
ער איז אַמאָל געוועזען אַנ׳עָושר.

אַמאָל, אַמאָל, פיעל צייט צוריק —
ער האָט די טעג נאָך ניט פערגעסען —
ער האָט געלעבט צו לייטען גלייך,
קיין פרעמדע שטיקלעך ניט געגעסען.
ביי איהם אין הויז פון אַלערליי
מאַכלים איז געוועזען ניט ווייניג ;
אַ טיש איז דאָרט געדעקט געוועזען
האַטש מאַך אַ מאָהלצייט פאַר אַ קעניג.

נאָר מיט אַמאָל (ווי שרעקליך גרויס,
ווי שטאַרק איז גאָט געוועזען דיין צאָרען !)
זיין גאַנץ פערמעגען איז צערויבט,
זיין הויז איז אָבגעברענט געוואָרען ;

דו שטאַרקער גאָט! דו גיבסט דער וועלט
אי ליכט, אי טהוי, אי שנעע, אי רעגען —
קעהר־אום דעם אַלטען אָרימאַן
האָטש וואָס עס איז פון זיין פערמעגען! —

זיין הויז איז חרוב... גיב־ושע־אָב
איהם האטש די איינציגע נחמה:
זיין זיסעס אייגען שטיקעל ברויט
צו אונטערהאַלטען די נשמה!...

* *
*

# עפילאג.

געווג!...

אין דעם קליינעם בלעכענעם לעמפּעל געהען שוין אויס די לעצטע כחות, עס הייבט שוין אָן צו טשאַדען און מיט יעדער רגע ברענט עס אַלץ פינסטערער און פינסטערער.

די פעדער הויבט שוין אויך אָן צו קריצען מיט די צייהן און שאָקלען זיך, געהענדיג איבער׳ן פּאַפּיר, אַזוי ווי שמחה דער סבאָרשציק — ניט פאַר אייך געדאַכט — אַרויסגעהענדיג פון עלקאָ דער פּוילישערס קעלער.

און די אַלטעצקע שטעהט אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן שטעקען...

איהר קאָפּ, וועלכער זעהט זיך קוים אַרויס פון אונטער דעם גרויסען, געלבליך־גרינעם שלייער, בויגט זיך אַלץ ניעדריגער און ניעדריגער אַראָב צו דער ערד...

זי שטעהט, און יעדער אבר ציטערט ביי איהר ווי אין אַ קדחת, און קאַלטע, שווערע טרעהרען קייקלען זיך איינע נאָך

דער פֿינצטערער איבער אירע פֿינגערקנײטשטע, פֿער׳חושכ׳טע בליקן...

די שטערן טיעף. טיעף פֿערקלערט און איהר עלטע. היינטיגע שטימע הערט זיך מיר אין דער שטילער, פֿינסטערער נאכט:

„ווער בין איך? וואס בין איך,
„איך, שלעכטע יתומה!
„וואוהין און פֿון וואנען
„ציהט זיך מיין וועג,

„דער שווערער, דער לאנגער,
„וואס האט נים קיין אנפֿאנג
„האט נים קיין ברעג!

„ווער ווייס איהר געוועזען,
„מיין פֿאטער, מיין מוטער!
„וואו איז מיין געבורטס־ארט,
„וואו ס׳איז מזל

„מיין וויגעל געשטאנען —
„מיין קינדהיים פֿערגאנגען —
„די קינדהיים, וואס פֿריידען
„ברענגען קען א מזל

„ווער בין איך? וואס בין איך?...

דאס לעמפּעל געהט אויס און ווערט פֿערלאשען... איך לעג אוועק מיין פֿעדער. איך זעץ זיך־צו צום פֿענסטער, און דורך דער קאלטער פֿינסטערניש, וועלכע וויעהט אויף מיר פֿון דרויסען, הויב איך אן אויסצוקוקען זיך אין דעם הויכען, בלויען הימעל...

און דארט, טיעף, טיעף אין דעם הויכען בלויען הימעל

זעהט זיך מיר דער גרויער, אַלטער מאַן מיט די צוויי שטיינערנע לוחות, צוגעטולעט צום האַרצען...

עס ציהען זיך גאָלדענע שטראַהלען און גלאַנצען
און שיינען אַראָב פון זיין שטערען,
און שטראָמען=ווייס גיסען זיך איהם פון די אויגען
די הייסע, די ביטערע טרעהרען...



# עולם התהו.

(א מין קאנצערט.)

---

## פערזאנען:

א כאר עולם־התהו'ניקעס.

א כאר כף־הקלע'ניקעס.

א כאר עשו'ס איינִיקלעך.

דער ערשטער עולם־התהו'ניק.

דער צווייטער עולם־התהו'ניק.

דער דריטער עולם־התהו'ניק.

א כאהר „איבערגעקערטע".

גענעראל שמוליעווין.

נאכט־שטימען.

---

א קאלטע און א פינסטערע נאכט. א טהאל. בעדעקט מיט איבערגעריסענע ביינער, סאָזשעס, פלעדער־מייז, וואַלקאָלאַקעס, עולם־התהו'ניקעס און כף הקלע'ניקעס שוועבען, קריכען און געהען ארום אין דער פינסטער.

א כאר עולם־התהו'ניקעס:

קאלט און פינסטער איז דער הימעל;

צו בעגינען איז נאך ווייט;

און פערבלענדינגעש, און דרימעל
הערשען שפינגוועבס, שטויב און שימעל
און די אַלטע פּאָווע שרייט:
„— או־הו־הו!... די אָדלערס שלאָפֿען...
איך צושפּרייט די פליגעל ברייט,
האַלט דעם קרומען שנאָבעל אָפֿען
און די שאַרפֿע קראַלען גרייט...
או־הו־הו!...
און ווי דער וואָרעם
נאָך אַ רעגען, פֿון דער ערד,
קריכען מתים פֿון די קברים.
אויף דער וועלט אַרוים... איהר הערט?

---

## דער ערשטער עולם־התוהו׳ניק:

אַ יוד איז דערשלאָגען; זיין מזל איז וויסט;
אין אייזערנע קייטען פֿערקאָוועט
זיין פֿינסטערעס לעבען; און זעלטען געניסט
ער, נעביך, אַ שטיקעלע כבוד.
היינט נעהמט־זשע בערעכענט, איך בעט אייך, אַז איצט,
ביי היינטיגער ווילדער מהומה
איז דאָ חאָטש איין־איינציגער יוד, וועלכער זיצט
ביי אונז אין אַ גלאַסנע דומע;
זיצט ברייט, ווי ביי׳ם טאַטען אין וויינגאָרטען דאָרט,
האַלט רעדעס, זאָגט דעות, גיט עצות
און הערט ניט אנטקעגען אַ וואָרט,
מ׳קנייטשט ניט אויף איהם מיט די פּלייצעס;
ער זיצט מיט די „פּריצים" און הערט ניט פֿון זיי
„זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ" און „זשיד־חאַלאַמיי"

נו, מילא, שליידערט מען ארויס
די דארע ביינער פון די קברים,
פון אונזער מאמעס אלטען שויס;
און זאלען דארט וואו ס'פלעגען ליעגען
די מינסקער מתים אין דער ערד,
זיך רוהיג פאשען קיה און ציעגען,
חזירים תריוקען, הירזשען פערד...
מיר זענען שלים=מזל'ניקעס
געוועזען אויף דער ערד
און ווערען כף=הקלע'ניקעס
אין אונז דערפאר בעשערט!...

## א כאר עשו'ס אייניקלעך:

מיר זענען עשו'ס אייניקלעך,
ניט זעלטען אין דער=היים
מקים זענען וועניגלעך
מיר כבוד אב ואם
און אפטמאל ביי א בוסה
(כמנהג ביי א גרויסע)
האפט אומגעריכט אליין
דער טאטע אין די צייהן.
נאר פון די אלטע יאהרען
איז הייליג אונז און ריין
דער שטומער, גרויער שטיין,
דער אייביגער זכרון,
פון לעבען און פון טוידט...
און אין דער גרעסטער נויט
וועט ניט פערשעמען קיינער

### א כאָר „איבערגעקעהרטע״:

אָי, מ׳שטיינס־געוואָגט, אַ תכלית,
אָי, אַ פיין געשעפט געמאכט! —
די מאַיאָנטקעס און די נחלות,
וואָס מיר האָבען איינגעבראכט:
„פראוואָ־ושיטעלסטוואָ״ געניסען
איז געווען דער צוועק דאָס רוב
מיט׳ן לעבען, מיט׳ן ויסען
נאָמען „וויקרעסט איז ושידאָוו״...
און עס ציהט, אָי, ציהט, עס ברידער,
פון דעם גאַנצען נייעם גליק
צו דער אַלטער מאַמע ווידער,
צו דער אַלטער היים צוריק!...

---

צווישען די טרויעריגע און בלייכע וואַנדעל־פייערלעך, שיי־נענדיג און גלענצענדיג מיט די אָרדענס און מעדאַליען, הויבט זיך אויף ברייט און שטאָלץ

### גענעראַל שמוליעוויץ:

חאַ־חאַ־חאַ! כדאי געווען,
אויך אַנ׳עסק — פראוואָ־ושיטעלסטוואָ!
אויך מיר לייט!... איך בין אַליין
אַ „יעווא פרעוואָסחאָדיטעלסטוואָ״,
גענעראַל שמוליעוויץ! האַ?
ס׳קלינגט נים שלעכט, עך, גאָספּאָדאַ!...

ער פערדרויכערט אַ גוטע, טהייערע ציגאַר און קוקענדיג

אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, איינגעהויקערט, אומעטיג און אראָבגעפאלען, געהט ארום צווישען שטיינער און ביינער

## דער דריטער עולם־התוהו'ניק:

איך בין דער אלטער,
דער קלוגער שתדלן,
איך בין געוועזען
א מאָל א גדלן.
ווי מיט א ליאלקע
ווי מיט א גולם,
פלעג זיך בעגעהען
איך מיט'ן עולם;
געהאט געזונדע
און ברייטע פלייצעס;
אָהן קהל'ס דעות
אָהן קהל'ס עצות
אליין פלעג קריכען
איך צו דעם אָדון
און בעטען רחמים
פאר אונזער שאָדען,
און פלעג בעקומען
לכל הפחות
אויף יעדע פראָסבי
א טוץ הבטחות.
הבטחות פוסטע —
וואָס קאָן מען מאכען! —
נאָר, ווי איהר ווילט אייך,
חוץ אלע זאכען,
ווערט אויפ'ן הארצען

# „פערדיענט עולם־הבא.

מיר האט זיך געחלומט, אז איך בין געשטארבען
(פון הארצוועהטאג — ניט פאר קיין מענשען געדאכט! —
די קראנקהייט האט פיעל שוין מחברים פערדארבען,
א תל פון פיעל יודישע־קינדער געמאכט...).
איז בין איך געשטארבען... נו, מילא, פערשטעהט איהר,
עס איז דאך קיין חילוק ניט — פריהער צו שפעטער:
געקרענקט ווי עס פאסט פאר א יודען, גאנץ שטארק,
און... אויס פונ׳ם וועלטעל — אראב פונ׳ם מארק!...
מע האט מיך מלַוה געוועזען בכבוד!
דער כאר־חזן האט אויף מיר ביטער געקלאגט
מיט „אל־מלא־רחמים”; דער דַין רב דוד
האט טאבאק געשמעקט און א הספד געזאגט
נאך איהם דער ראבינער — א רעדע געהאלטען
א לאנגע, א לאנגע, אהן וואג און אהן מאס.
צוויי יודענעס האבען די נעזער געהאלטען
אין פארטוך, צוויי יונגלעך — דעם פינגער אין נאז...
עס האבען די פושקעס געקלאפט און געקלונגען,

צײַכן פֿאַר תּלמוד־תּורה־ניקעס װענען אין ריאַד
געגאַנגען און „צדק לפֿניו" געזונגען...
בקיצור, געװעזן אַ גרויסער פּאַראַד,
אַ װאוזבנע לויה געװעזן...

אין בשעת
מען האָט געחלאַפּאַטשעט אַזוי אַרום מיר,
איז, נעבעך, געשטאַנען — „העני טמעשי" —
מײַן בידנע נשמה אַליין בײַ דער טהיר,
װי איז בײַ טהיר פֿון גן־עדן געשטאַנען,
פֿאַרדאַמערט, פֿאַרחושכ'ט. און לייד און און פּײַן
און גיסענדיג שטראָמען־װײַז ביטערע טרערען.
געקלאָגט פֿאַר דעם מלאך: אוי, לאָז מיך אַרײַן!
„— אַרײַנלאָזען? װילסט אין גן־עדן? ביסט, כ'לעבען,
קיין נאַר ניט... זאָג־זשע מיר, מײַן טײַערעס קינד,
װאָס אויפֿגעטהון האָסטו אַזוינס אין דײַן לעבען?
מיט װאָס האָסטו, זאָג, עולם־הבא פֿאַרדינט?..."
„אוי, מלאך! איך װײס... כ'האָב אין לעבען פֿיעל צרות,
פֿיעל שמערצען געליטען: מען האָט מיך געפּלאָגט,
געשלאָגען מיט מיר, לא עליכם, כּפּרות
פֿאַר פֿרעמדע עבירות, געזידעלט, געיאָגט..."

„— ניין, ברודער, מיט דעם וועסטו גארנישט דא מאכען:
ניין, ווייז נאר ארוים עפּעם בעסערע זאכען
די סחורה, רב יוד,
וואס דו האסט געבראכט פון יריד״...

אוי, מלאכ׳ל, מלאכ׳ל! לאז מיך צופריעדען,
איך בין דאך נישט מעהר — א מחבר געוועז —
געאקערט דאס פעלד פון זשארגאן מיט׳ן פען,
געטריבען זשארגאנישע שירים פאר יודען,
עס פלעגט מיך בעניעסען דער ביטערער שוויים
דעם משקל־השיר מיט די גראמען צו האלטען,
צעזוּר מוט נקוּדות... אוי, מלאכ׳ל!... כ׳וויים,
א חידוש, ווי כ׳האב דאס געקאנט גאר דערהאלטען...״

„הא? וואס? — האט דער מלאך געטהון א געשריי:
וואס הער איך?—ווארט אוים נאר, ווארט אוים... אהן לצנות:
צעזור מיט א משקל?! אוי, וועה איז מיר, וועה!
דו ביסט דאך א קדוש, אויף מיינע נאמנות! —
זשארגאן מיט א משקל?! זשארגאן מיט צעזוּר?!
קאפּויר אי די וועלט, אי די גאנצע נאטור!...

קום, קרוין מיינע, קום!... ברוך־הבא!
גענוג דיר. דו ביסט שוין מיט צרות גאנץ זאט.
דו האסט אויף דער ערד שוין דיין גיהנום געהאט.
האסט כשר פערדיענט עולם־הבא?



# חדר־ליעדער.

I.

דער פריהלינג געהט, דער פריהלינג געהט
א פריש, א פרעהליך ווינדטעל וועהט
אין וואלד, אין פעלד, אין גארטען.
דאס ווינדטעל וועהט, דאס ווינדטעל פליהט.
א ליעד, א זיסעס פריהלינג־ליעד
דערהערט דאס קינד פון דארטען.
די שטראהלען שיינען, און פון זיי
צוגעהט דער לעצטער אייז און שניי
די ווילדע פויגעל פליהען;
די פייגען־בוימער שטעהען שוין
אין זייער הויכער, גרינער קרוין,
די וויינטרויב־צווייגען בליהען.
עס זינגט דאס טייבעלע, עס רופט,
עס ווארקעט אין דער בלויער לופט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מיין קינד! דו קוקסט זיך ווילד ארום?

חן שטעהסט פערוואונדערט. בליק און שטום
אין טרעהרען אין די אינגעלעך
ווי זילבער־טראפען שטעהען!...
דעם „שיר השירים", יונגעלע,
דעם „שיר השירים" לייען!...

---

II.

א העלע שיין פון הימעל פליסט:
עס הייס צושמאלציט גאלד בעגיסט
די זון די פרייע פעלדער.
די ארבייט קאכט: מ'שניידט, מ'בינדט:
עס וואקסען, וואקסען ארום געשווינד
פון גארבען גאנצע וועלדער...
דער אווענד קומט, די נאכט פערשפרייט
די שטילע פליגעל... פול מיט פרייד,
מיט פרישען, יונגען לעבען
נעמט־ארום דאס הארץ א ליבע־געזאנג
פאר יעדען גארב, פאר יעדען זאנג
וואס גאט דאס אונז געגעבען...
א זיסער שלאף מיט זיסע רוה

מאכט שטיל און ליעב די אויגען צו...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מיין קינד! דו קוקסט זיך ווילד ארום?
דו שטעהסט פערוואונדערט, בלייך און שטום?
דו זוכסט דאס פעלד דאס גאלדענע,
דעם גליק דעם שטילען, ליעבען? —
ביי בועז'ן, נשמה'ניו,
אין „רות" איז דאס בעשריעבען!...

---

III.

די סטעפּ איז טויט, די סטעפּ איז שטום;
קיין איינציג בוימעלע ארום,
נאר הוילע זאמד און שטיינער,
און זעלטען־זעלטען שלאגט אין טהאל
א קוואל, ווי זילבער, ווי קריסטאל
א ליכטיגער און ריינער,
נאר זעה, מיין קינד: אט מיט אמאל
לעבט־אויף דער מדבר... אהן א צאהל,
ווי זומער־צייט די פליעגען,
דארט געהען, געהען אהן אנ'עק

די שטענטעמע שמעקט, אייזלען, בעק,
קי, אקסן, קעמלען, ציגעס...
דער מדבר ליגט... עס קאכט, עס זידט,
עס ברומט, עס מעקעט... א ליד...

. . . . . . . . . . . . . . .

מיין קינד, דו קוקסט דאך ווילד ארום!
דו שטערסט פארוואונדערט, פלייך און שטום!
דערמאנסט זיך נאר, הא, נארעלע,
געדענקסט ניט! א מגילה! —
פון יעקבן צו עשון
צו עשו'ן מתנות!...

---

VI

דער קאנטשוק אויף דעם בענקעלע.
די טייטעל אויפן טיש...
נו, לעבעדיגער, יונגעלע!
מיט חשק, שנעל און פריש!
דער רבי הוסט... און שטוב איז איינג
מ'קאן דערדושעט ווערן...
איך אבער הער ניט און ניט זעה —

איך לערען, לערען, לערען!...
עס ברענט דער פראסט; דער מארך, דאס בלוט
אין מיר פערגליווערט ווערען...
איך פיהל עס ניט, איך קלאג זיך ניט —
איך לערען, לערען, לערען!...
א כישוף־קראפט בעדעקט די שטוב...
עס גלענצען פונקען, שטערען...
די װענד ארום צוגעהען זיך...
איך לערען, לערען, לערען...
א בלאט אהין א בלאט אהער...
און קוק נאר — ווי אויף הייוען,
איך הויב־זיך, וואקס וואס א מינוט...
איך ווער אויף אלץ א מבין,
א מייסטער גאר ניט ווילענדיג,
א גאנצער מענש ממילא:
איך מעקלער אוים ביי אפרונ'ן
די מערת־המכפלה;
דאס פעך און שוועבעל זעהענדיג,
דעם רויך, דעם פלאם דעם רויטען
„גוואלד, שריי איך, יודען, ראטעוועט!"
און לויף פון סדום מיט לוט'ן;

און זין בײ מלבי־צדקן
געלאדען צו דער סעודה:
מאך יעקב פיער מאל תתנה:
אינאיינעם מיט יהודה
גערה שערען איך די שעפעלעך
(וואס הייסט: איך גערה! אנ׳ערך.
פערשטעהט זיך — מיר צושיידען זיך
מיט אידם ‚על אם הדרך׳...):
איך שדכן אים פאר יצחקן
א כלה — לבנ׳ס שוועסטער —,
דער ארמי ווערט מיט מיר דערפאר
א גוטער פריינד דער בעסטער
(דאס גוטע פריינדשאפט צווישען אונז
איז, ווייסט איהר דאך, עד היום...):
איך קלײב צונויף מיט יוסף׳ן
די תבואה אין מצרים
און נעהם דערנאך געלד, זילבערווארג
בײ׳ם מצרי אין משכנות
(א יודקע, מאכע אמת, דאך
וויל עסען... א רחמנות!)
איך פיהל אז נעביך יעקבן

בײ לבנ׳ען איז ביטער
און הינט מיט איהם די שעפּסעלעך
און קאַרב מיט איהם די ריטער:
איך בוי מיט אלע פּיצעלעך
דעם משכּן מיט בּצלאל
דערלאַנג דעם װײַרעך אהרנ׳ען
און העלף איהם אונטער הלל;
איך קלאַפּ אין פּויק מיט תמר׳ן;
איך זינג מיט משה׳ן שירה;
איך גלעט און קנײפּ מיט דוד׳ן
די סטרונעס אויף זײַן לירע..
מלחמה האַלטען? נאַרישקײט!
איך בין אַ לײבּ, אַ גבּור
און אלע פעלקער ציטערען,
עס טרײסעלט זײ אין פיעבער;
אויף אלע שונאים אונזערע
פאַלט־אָן אַ מרה־שחורה;
אנו, אנו, זאַטשעפּעט נאַר!
פאַר װעמען האָב איך מורא?
אי, אי, װאָס פאַר אַ ביטערע
מפּלה האָט דאָ בּלק!

אֵי, מאַך איך תּל פֿון קדר״ן,
אי, תּאפּס פֿון מיר עמלק!...
פּרנסה. פֿרעגט איהר? גאטעניו,
אבי נאר גיב מיר יאהרען,
מיר נעהמט נים צו פֿערזינדיגען,
אויף איך געזאגט געוואָרען:
געליבט זאל זיין דער איבערשטער,
איך לעב און דארף נים בעטלען:
איך עם דעם שָׁלֹו און מדבר־סין,
און אֵלִים עם איך טייטלען.
און אשכּל עם איך ווייגטרויבען
און מילגראמען און פֿייגען.
וואם איצט אפּילו ראָטשילדען
וואלט שווער זיין צו דערשטייגען...
פֿון אלע זייטען וויינשטאקען,
אויף יעדען טריט א גארטען,
אי באקסערען, אי איילבערטען,
אי בשמים כל הסארטען.
פֿיש תּאפּען? — איז חדקל דא

און פישון, פרת און גיחון, —
וואס פאר א העכט אין נעץ אריין,
וואס פאר א קארפען קריכען!
די לענג, די גרעב פון זיי! חוץ דעם
א סברה אז געפילטע...
היינט פאלאצען פון מירמעלשטיין?
געזילבערטע, געגילדטע, —
איך סטרויע זיי מיט חירם'ן
אין גאנץ ירושלים
פאר שלמה'ס טויזענד פלונית'טעם
פון מואב און מצרים...
אין אלע שבע חכמות ווער
א בקי איך — א מורא:
פון „קטרת" ווער איך א דראגיסט,
א דאקטאר פון „מצורע",
פון „פאה" ווער איך זעמלעמער,
א גאלדשמיט פון „ויקהל",
פון „שקלים" א סטאטיסטיקער
צו מאכען דעם סך־הכל,

פון פּרשה „אַחרי — סאַניטאַר,

„משפּטים" — א וואָקזאַניק . . .

אַ בּלל איך לעב. איך פרעגעל זיך

אין פּוטער און אין האָניג . . .

---

דער רבּי הוסט . . . די רביצין

קאַכט קרופּניק . . . און אַ שמאַטע

פערזויקעלט. דאָס טוזיניקעל

שרייט: „חי־וקים. טאַטע!"

איך זעה זיי ניט. איך הער זיי ניט —

איך לערען! — און מיין קעפּעל

צומישט זיך: ווייריקי. טיל־אייזלען.

נאָלד. פּיפּערנאָטערס. עפּעל

מיט גלעקעלעך. מיט טילנראַבען.

מיט זעמעל־טעהל. מיט טיבען.

מיט שפּרענקבעקענס. מיט פּיטסענהאָלץ . . .

פון אתמען און פון אריבען

בּריליאַנטען. פּערעל שיטען זיך.

גראז, רויזען, פרוכט און זאנגען —
אלץ וואס עס קאן א מענשען־הארץ,
א נאריש הארץ פערלאנגען, —
פערטיעף זיך אין תנך'ל נאר
מיט קאפּ און מיט געהירען...

* *
*

נו, דארף מען, יודען, פרעג איך אייך,
דעם חדר רעפארמירען?...



# היים און קאלט.

(א לידע'ל).

---

נו, — מזל־טוב, רחל'ע, מזל־טוב דיר —
א קינד, א בן־זכר געבארען!...
דאס פיצעלע קוועטשעט און שרייט אהן א שיעור...
וואס איז דאס, דו, קליינער, וואס איז דאס מיט דיר?
דו ציטערסט? דערפרארען געווארען?
אך, דארט, אויפ'ן הימעל, וואו דו ביסט געוועזען,
איז ליכטיג און פרעהליך, און ווארעם, און שעהן,
און דא... הערט זיך צו — בנאמנות:
דאס פיצעלע רעדט דאך, עס שרייט דאך: „געוואלד!"
אוי, מאמע! ווי פינסטער איז דא און ווי קאלט!...
אוי, וועה! האב רחמנות!"...

• •
•

דאס רעדעלע דרעהט זיך
ארום אהן אנ'עק;
א טאג קומט צוקריכען,
א יאהר פליהט אוועק...

---

— „גוט מארגען אייך, רבי!" — גוט מארגען! א נו!
אט זעץ זיך אקארשט נאר אנידער

און נעהם זיך צו׳ם חומש... נו, לעבעדיג... דו!
מיט חשק, מיט אברים, מיט גליעדער!...
דו שווייגסט?!... נו, טא לעג־זשע זיך! ליעג... אט אזוי...
איינס!... צוויי!... „רבי! רבינו! אוי!..."
„—ליעג, ליעג! דו, כל־בוניק!... ס׳וועט קאסטען דיר טייער!...
איך ארבייט, איך קנעל, איך בענים זיך מיט שוויס,
און ער... טא, אט נא־זשע דיר! פיהל זשע און וויס...
הא? ווארעם?"... „היים! רבינו, רבינו, היים!
עס ברידט ווי א פייער!..."

* *
*

א טאג קומט צוקריעכען,
א יאהר פליהט אוועק,
אלץ האט זיך זיין אנפאנג,
אלץ האט זיך זיין עק...

---

און נאך אמאל — מזל־טוב! — מזל־טוב אייך!
שפיעלט כלי־זמר׳לעך! הויבט זיך אויף פליעגעל!
דעם חתן איז פשוט... „דער קרומער ניט גלייך":
די כלה — א דימאנט, א שפיעגעל!
מע הוליעט!... ווארט אוים, ליעבע פריינד, זייט ניט פויל—
דער דימאנט האט נעגעל! דער שפיעגעל — א מויל...
— נו, מאנעלע! ווארעם? עס קוועלט די נשמה?
„—אוי, ברידער, בחורימ׳לעך! איילט זיך ניט! — קאלט!

איך פֿריר ווי אום שבת בײַ דער נאַכט אין אַ וואַלד...
איך צימער. איך צאַפּל... אײַ, ברידערלעך. גוואַלד!
איך פֿריר. פֿון נחמה?

•   •
•

די וועלט איז אַ חדר
פֿאַר קלײנע און פֿאַר גרויסע!
מע קוועטשט זיך, מע שטופּט זיך –
מע לערנט זיך אויס...

---

אַ סוחר געוואָרן... נו, ניכער, רב ייִד! –
און האַנט איז אַ מאַרק און אין קלאָץ – אַ יריד...
עס הודיעט. עס קאַכט ווי אין גיהנום!
איטר זעדט – קײן עין־הרע! מע לויפֿט! –
פֿעל, אָקסן. וואַלן, קאָרן. פֿלאַקס. פּאַציִרקעס. לעדער!
מע פֿליִט ווי אויף פֿליגל. מע פֿאָהרט ווי אויף רעדער.
מע האַנדלט. מע וואַנדלט. מע קויפֿט. מע פֿאַרקויפֿט...
דאָס סוחרל יאָגט זיך נאָך דעם און נאָך יענעם.
עס ציטערט. עס צאַפּלט. בענקט זיך מיט שווײס...
אײַ, סוחרימלעך. ייִדעלעך. פֿײערדיק. הייס!
עס ברענט ווי אין גיהנום!

•   •
•

דאָס וועלטעלע דרעט זיך –
אַ מאַרק, אַ יריד!

עס הודיעט, עס פלאקערט,
עס ברענט און עס זידט...

ברענט, ברענט,—איהר וועט אבגעקיהלט ווערען, רבי־יוד—
איהר איילט זיך נאך סחורה?—נאך אייזען, נאך ברעטער,
נאך זייד און נאך סאמעט—איהר פלאקערט, איהר זידט?
פערגעסט נאר ניט — זייט אזוי גוט — פון יריד
א שטיקעלע לייוואנד צו ברייגנען, רבי־פעטער...
עס קלאפען די פושקעס, עס ארבייט די זעג:
פיער ברעטער, צוויי שערבלעך,—און אוים מיט אנ׳עק!
געקומען צופאהרען פון לעצטען יריד׳ל...
נו, גיכער, שמשים! פערשיט שוין, בעהאלט!...
אוי, יודעלעך! קאלט איז דארט—זאג איך אייך—קאלט?!...
— — — — — — — — — — — — — — —
געפעלט אייך מיין ליעד׳ל?



# מיין עפיטאפיע.

(איפשריפט אויף דער מצבה).

---

פיעל ביטערע, פיעל טרויערינע ליעדער
האב איך איך שוין געזונגען, ליעבע ברידער!
מיט אלע בתות, מיט דעם לעצטען צארן
געביסען און געריסען דעם זשארגאן.
געקיזם די ליעבע שפראך פון אונזער מאמען,
געפעפערט מיט צעזור, געזאלצט מיט גראמען.
צו מאכען זי אביסעלע האמיש הויך
און צו פערדושען יענעם ליעבען ריח
פון ווילנער מארק און דינאבורגער יאמקעס
מיט אלערליי פערוואלגערטע אסמאטקעס.
וואס שמעקט איף הרייצעין מייל ארום דעם ארט
וואו נאר עס בלייבט האמיש אין זשארגאניש ווארט...
אך, ברידער, וויפיעל יאהר האב איך צו טהאן
מיט דעם געשמאקען, טהייערען זשארגאן:
מען האט מיך שוין געליבט און איך געזיידעלט—
איך האב געהערט און האב מיר אלין געפיידעלט...

נאר יודען זענען דאך אנ׳עם קשה ערף,
א ביטער פאלק, גאר ניט ווי אלע לייט:
נאך פון דעם ים־סוף ביז דעם מדבר־חורב,
פון מדבר־חורב און ביז אונזער צייט
האט גאט אליין בעשיינפערליך בעוויעזען,
אז חאטש צוריים זיך — גלעט זיי, לויב זיי, בענש —
ניטא קיין סוף צו זייערע קאפריזען,
היינט וואס קען טהון מיט זיי א שלאפער מענש?
בפרט נאך א זשארגאן־מחבר?

„— שרייבען?
איהר ווילט, רב קרוב, שרייבען? — זאגט א יוד —
גוט, שרייבט אייך; נאר איהר זאלט קיין נאר ניט בלייבען,
ניט קומען מיט׳ן בייטשעל פון יריד,
פערגעסט ניט אז איהר האט צו טהון מיט יודען.
איז שרייבט אזוי — פערשטעהט איהר מיך — אזוי
אז אלע זאלען זיין מיט אייך צופריעדען...
פערשטעהט איהר מיך?..."

אוי, ליעבע יודען! אוי!
איך האב ביז איצט פון אלע, אלע זאכען
נאר איינס פערשטאנען, שרייבען, דארף מען דאס

למעןהשם, נאר מאקע דאס, פון וואס
דער עולם זאל הנאה האבן, לאכן.
„אי, לאכן! אי א חיות! שרייבט, הערד פרוג!
נעמט איך ויפציג, כלעבן, עס, געטנג!
א חכמהלע, א פשטלע, א ווערטל,
קאמאוועסלעך מיט גראמען און א שיער.
אזוי, אז יעדער אות זאל טהון א קיצעלע...

איך קען עס נים, איך קען נים –, וועה צו מיר!
איך קען קיין ווילדע, קרומע הנדעלעך מאכן
איך קען נים לאכן, גוואלד – איך קען נים לאכן
דערפאר אויף מיין מצבה אז מיר וועט
איהה'ש דאס לעבן געבען נט –
כדי איהר זאלט אן מיר נקמה האבען
שרייבט אויף:

„פה נטמן – אט דא ליגט בעגראבען
א טיפש, א משוגענער פאעט
א ווילדע זאך, א תמרידעה, כלעבן:
ער האט געשריגט, געשריגט דאס גאנצע לעבען!!!"...



# דריי חברים.

מיר זענען געווען דריי חברים, דריי פריינד
אזעלכע וואס זענען ניטא שוין מעהר היינט:

אליקום דער רויטער און נחמן קלאנעט
און איך, אייער איצטיגער בידנער פאעט.

אינאיינעם געוואקסען, געלערענט אינאיינעם
די היילינע תורה, דעם גלייבען דעם ריינעם,

אינאיינעם גערדאווענט, אינאיינעם געשטופט,
אינאיינעם געאטהעמט דיזעלבינע לופט,

געגלויבט, אז מיר וועלען זיך אייביג ניט שיידען
פון איצט ביז איה״ש דארט, אין גן־עדן.

און הערט, וואס עס האט זיך מיט אונז געפאסירט
מיר האבען אינדרייען אין וואלד געשפאצירט

מיט דריי שרעקליך־שארפע און שפיציגע מעסער —
ביים מלאך המות אודאי ניט גרעסער.

איהר מיינט אפשר גזלנ'ען, — גאט איז מיט איך —
הושענא'ס צו אנשניידען דארט געבען טייך.

די שטראהלען פון מערב־זייט האבען. שוין קאלטע,
בעלייכטענס א ווערבע א קרומע, אנאלטע.

און דארטען דערזעהען מיר — זיצט אויף א שטיין
א ל י ה ו  ה נ ב י א  אליין.

•

•  •

און מיט א קול א פריינדליכען און שטילען
האט ער געזאגט אונז: „— ליעבע קינדער, הערט,
איך וועל אייך זאגען וואס מיט נאמען ווילען
איז אויף דער וועלט און לעבען אייך בעשערט:

„אליקסם קול וועט ווי א חונער ברומען.
און מענער, ווייבער, קינדער, גרויס און קליין,
איהם הערענדיג, זיך ברינגען ווי די בלומען
אין שמורעם און צוגעהען פון געוויין.

„ר׳. נחמן וועסט זין חיים פון אלע שמערצען:
ווי נאר מען וועט דיין קול דערהערען, דארט
וועט ווערען גרינג ביי יעדען אויפן הערצען.
וועסט ברענגען פרייד און ליכט אין יעדען ארט.

און איך? — „מיין קינד, פיעל טרויער און פיעל פריידען,
פיעל גליק און אומגליק דיר דיין מזל טראגט:
דיר איז בעשערט וואס זיי אינאיינעם ביידען" —
האט אליהו מיר געזאגט.

---

פערגאנגען זענען טעג, חדשים, יאהרען —
אליקום איז אין פוילען לאנג אוועק:
א בעל־תוקע איז ער דארט געווארען,
און פון זיין קול נעהמט ממש אן א שרעק...

א כלי־זמר איז געווארען נחמן — שפיעלען
אויף חתונה'עס געהט ער פון אָרט צו ארט,
און הערענדיג זיין פיעדעל, מענשען פיהלען
אין הארצען יוגענד, פרייד און טאנצען דארט...

און איך, רבותים? וועה צו מיינע יאהרען —
דער נביא האט פאר'שטאנען וואס ער רעדט:
א יודי'שער פאעט בין איך געווארען.
און וואס בעדייט ביי אידען א פאעט?

א בעל־תוקע מיט א כלי־זמר, ברידער!
בלאז שופר ביז די כחות געהן אוים,
שפיעל, פיעדעלע, בלאז שופר, בלאז און ווידער
שפיעל, שפיעל ביז די נשמה וועט ארוים...

---

שלאף און רוה — אלץ פעריאג,
און אין פרייד און אין פלאג
שפיעל, בלאז נאר א טאג נאך א טאג!...
און איך לאך, און איך קרעכץ,
און איך זינג, און פון שמערץ
צוגעהט זיך, צורייסט זיך מיין הערץ...

# דער יריד.

די זון גיעהט ארויס פון איהר פוטערפאס, — הויך
גיעהט איף און דער לופט פון די קוימענס דער רויך.
דער טהוי גלענצט אין פעלד; די נאטור איז מקים
די היילינע מצוה נטילת ידים;
די פרינעליך הויבען אן שחרית; און זעהט:
אט וואו נור א וועלדיל — א כארישול איז גרייט;
עס שאקלט זיך דאוונענדיג דארט יעדעס בלעטיל...
נאר וואס איבער טהוט זיך ביי אונז דאס אין שטעדטיל?
אין שולהויף, אין פאליש — א מארק, א יריד,
עס ברומט און עס הודיעט, עס קאכט און עס זידט...
עס מעקען די ציגען, עס קוואקטשען די הינער...
מע קלויבט א ראבינער!...

אט איז די אופראווע. — עס קלויבען זיך שוין,
די שטאדט־בעלי־בתים, די גרויסע פארשוין;
פערטאפעט, פערשוויצט, ניט צו תאפען דעם אטהעם
פליהט, ארבייט און פלאקערט די חברה חוטים...

בײ׳ם אלטען ראַבינער שטעהט אָפען אין זאַל
ביער צװײ גאַנצע פעסליך און בראַנפען אַ קװאַל,
בײ׳ם נײעם איז שטיל, ס׳האָט אַ שענערען פּנים:
נישטאָ דאָרט קײן משקה — ער גיט מזומנים...
געקאַנטשעט די װײבאַרעס — און טאַקע באַלד
װי פײגעלעך פליהען דאַנאַסלעך, אַ גװאַלד...
עס דרעהט זיך די װעלט, װי דאָס שפּינדעל בײ׳ם שפּינער...
מע קלײבט אַ ראַבינער!!!...



# „דאס קנעפּיל".

„—כ'פּערשטעהע נאר נים, כ'לעבען, וואס טהוט זיך מיט איך,—
א חילם, א פּאריאדאק געוואריען!
איך, גאטינקע־פּאטשער! וואו זענען די, וואו,
די אלטע פערגאנגענע יאהרען?

„— וואו איז ז, די אמת'ע „גאלדענע פּאתך?
וואו זענען די „בערעך", די „לייבעך",
מיט וועלכע ס'פּלעגט ברומען און קלינגען א וועלט?
וואו? — זאגט מיר — כ'פּערשטעהע נאר נים, כ'לעבען!

„— אמאל... נאר וואס זאל איך דא ברייען איך לאנג? —
למשל... א פורים פאר צייטען:
עס איז דאך, ווי זאגט מען דאס... עך, ברידער, עך!
נו, האט האט איהר א פּנים פון לייטען?

— ווי הייסט? די מגילה... דאס האט דאך פּאסירט
מיט יודען, מיט אונזערע אבות:
א־נאסתר המלכה... א מרדכי... א וועלט!
נס־פּורים! א שפּאס, א קאטאוועס?

— נו, טאקע אהן חכמות: וואו האט איהר דאס איצט
אט חאטשבי א גראגער א רעכטען —
א שרייער, וואס טאקע א שרייער מען רופט,
הא? ווייזט נאר? יא! קומט, כ׳בעט אייך נעכטען

א גראגער — א ווידער־קול! ס׳טייטש, יעדער יוד
פלעגט פיהלען... ווי זאגט מען עס... פטור, —
נו, המנ׳קע, טהו מיר נאר עפּעס אקארשט,
איך הער דיך אצונד, ווי דעם קאטער!

— היינט נעהמט א פארצייטיגען „אלול״... איך מיין,
פערשטעהט איהר מיך, תקיעות בלייבט תקיעות
עס איז אבער גאר ניט דער בלאז וואס אמאל,
דער בלאז... דאס מתיקות... דער חיות...

— און טאקע א פּשוט׳ער פּרייטאג... עס קאכט!
א וועלט גערט אין מרחץ, שארפט מעסער,
שטעקט ליכט אין די לייכטער, שטויסט פעפער, רייבט חריין
עס לעבט זיך, עס פיהלט זיך נאר בעסער...

— און גערט נאר, פרובּ ניט פיהלען, ניט זיין א יוד...
דו האסט דען, אפנים, א ברירה?
אז ממש דו פיהלסט. ווי עס שפּארט זיך אין דיר,
עס קריכט א נשמה יתרה...

„— נים למדות. נים דאס בין איך איסען, — דער ברען.
פערשטערט איהר מיך, אט וואס: דער הייסער.
דער שארפער, דער אמת׳ער יודישער ברען...
פרעגט איצט ביי א יודען — וואס וויס ער.

„—וואס פיהלט ער. וואס קערט זיך דאס אן מיט איהם?... אוי.
אז וועה צו די מעג און די יאהרען, —
דערשפילט־זיך, דערלעבט צו א נחת אצונד,
א וועלטיל, פאריאדקעס געווארען! —

„—דער איקעס, דער קרעבצט און דער ווארגט זיך שוין נאר
מיט עפעס ניי־מאדישע צרות:
דער שריים: „ס׳איז צו פינסטער״, דער ליארעטט: „צו ענג״
און דער שלאגט מיט אלץ שוין כפרות...

„—און וואס האט מען אויסגעפיהרט?—פרעג איך אייך—וואס?
וואו זענען דאס איי׳ערע גליקען?...
פע! בימער! חלשות! עס קריכט נים אין האלדז
אפילו דאס קאפיצקע תיקון!...

„— וואס? אפשר, נים אמת?...״
אזוי האט צו מיר
געשמועס׳ט מיט געשריי און געוואלטען
רב יודעל־דער־תבשיט. ער האט מיך דערביי,
ווי ס׳פיהרט זיך, ביי׳ם קנעפיל געהאלטען:

ער האט עס געטרייסעלט, געצופּט און געדרעהט,
געבוינגען, געקוועטשט און געריבּען —
אזוי, אז צום סוף איז שוין, נעביך, פון דעם
א צעהנטעל כמעט ניט געבּליבּען...

* *
*

אוי, קנעפּיל, קנעפּיל! וויפיעל שטעהסט
דו אוים מחלוקות און סכסוכים
דו בּיסט דער אנפאנג און דער סוף
פון אלע יודישע ויכּוּחים...



# געגנבט׳.

(א מדרש).

---

מיט אנ׳אלטען, קלוגען תנא
האט אמאל געשמועסט א יונגע,
שעהנע רומישע מאטראנא
פון דער יודישער אמונה.

„זאגט מיר, רבי׳ — האט פערוואונדערט
אדם געפרעגט די יונגע דאמע:
„אין דער ביבעל שטעהט געשריעבען:
אום די עלטער־באבע חוה

צו בעשאפען, האט דער בורא
אויף דעם מענש א שלאף געווארפען
און אין שלאף ביים שוואכען מענשען
שטילערהייד א ריפ געגנבט...

יא, געגנב׳ט, אמת, רבי!
ווייל ביים שלאפענדען גענומען —
הייסט געגנב׳ט... זאגט־זשע, פאסט דען
פאר א גאט צו זיין א שטעהלער?

און אט דאס איז אייער גרויסער,
שטארקער, ליעבער גאט, מיט וועלכעם
איהר שטאלצירט פאר אלע פעלקער,
הייליגט, זינגט און לויבט זיין נאמען?...״

„— ליעבע דאמע — האט געענטפערט
איהר דער אלטער, קלוגער תנא:
איהר ערלויבט מיר צו ערצעהלען
איך א קליינינקע געשיכטע:

די געשיכטע איז א וואהרע,
האט מיט מיר אליין געטראפען:
דא ניט לאנג, מיין ליעבע דאמע
האט מען מיך ביינאכט בע׳גנב׳ט:

אין דערפריה, ווען צו בעגינען
בין פון שלאף איך אויפגעשטאנען
און געוואלט זיך זעצען לערנען,
חאפ איך מיך — נישטא מיין לעמפעל,

מיין פערשמאלצען, אלטעס לעמפעל
וועלכעס האט געקאסט מיין טאטען,
דרייסיג יאהר צוריק, אנ׳ערך,
זיעבען קופערנע מטבעות,

אט דאס לעמפעלע איז פערפאלען.
אבער... העדט אנ׳אקט א ביסעל:
אויף דעם ארט וואו ס׳איז געשטאנען
דאס פערשטאלצע, אלטעס לעמפעל.

ועה איך, שטעהט א לאמפ – אנ׳אוצר! –
הויך און ברייט, פון גאלד געגאסען
פיינע, קנציגע פיגורען
אויף די רעדער און אויף די זייטען.

און פון אייבען שיינען בלישטשען
דארט אראב א פאר ברילליאנטען,
מאקע ממש ווי די שטערען
ארפן טיעפען, בלויען הימעל...

נו, מאדאם, וואס וועט איהר זאגען
אויף אזא מין ליעבען גנב?
נעהמט־זשע, כ׳בעט אייך, ליעבע דאמע,
אויף א ווײלע אונזער ביבעל.

נעהמט, איך בעט אייך, הור׳ט איבער
נאך אמאל, וואס דארט ערצעהלט זיך
וועגען אדם און חוה...
נו, מאדאם, א שענע גנבה?...

---

# די ריפּ.

(א גמרא)

---

אז דער ליעבּער בּורא־עולם
האט בּעשטימט בּעשאפען חוה
(חאטש, אין תּוך געזעדט, געוועזען
איז דער גאנצער פּלאן ציקאווע),

האט ער שטאף — זאגט די גמרא —
ניט פון אדם'ס הענד גענומען,
ניט פון זיינע פיס און אויגען,
ניט פון קאפּ, פון צונג, פון נומען.

ווייל עס ליעגט אין קאפּ די גדלות
און די תּאוה אין די אויגען —
צוויי חסרונות, וועלכע דארפען
פאר א פרוי דורכאוים ניט טויגען.

ניט פון אדם'ס הענד בּעשאפען
האט זי גאט, זי זאל ניט וועלען
מיט דעם מאן מלחמה האלטען,
איבּער איהם זיך העכער שטעלען.

ניט פון צונג און ניט פון נוטען,
װײל דאס זענען יענע כלים,
װאס טוט זי, װי טוט אַנ׳עמיר
שעפען מענשען דברים־בטלים,

פון די פיס – זי זאָל ניט גלוסטען
פון דעם מאַן אַ פּלמה מאַכען.
אום כדי זי זאָל בּעפרײט זײן
פון די אַלע שלעכטע זאַכען,

פון דער ריפּ האַט זי געבוירען
דער בעשעפער. פון אַ שטומען,
בלינדען, אומשולדיגען בײנדעל
האַט דער בורא זי גענומען...

אום דערפאַר – זאָגט די לעגענדע
פון די אַלטע, קלוגע יאָהרען –
האָבען װײבער אַלע מעלות
און קײן אײנציגען חסרון...



# א ירושה.

בשעת אונזער עלטער־פאטער יעקב
האט זיך געדארפט בעגעגענען אויפ'ן וועג
מיט עשו'ן, וואס איז געוועזן אין כעס
אויף איהם נאך פון די פריהערדיגע טעג,

האט ער פאראויס געשיקט איהם א מתנה
פון בהמות און פון חיות אלערליי:
באראנעס, אייזלען, מעלקעדיגע קעמלען,
מיט ציעגען און מיט צאפעס נאך צו זיי.

און דאס איז טאקע קלוג געוועזען: עשו
האט איהם בעגעגענט ווי א גוטער פריינד...
אוי, ברידערלעך! פון יעקב'ן דער מנהג
איז אונז געבליעבען נאך ביז היינט:

אז יודען דארפען שיקען צו א פריץ,
בעגעגענען זיך מיט א מאגנאט, א פאן,
איז וועמען קלויבט מען אוים פאר דעפוטאטען?
א מויל־אייזעל, א קעמעל, א באראן.

דער אייזעל איז דער גרעסטער שוטה מאקע
זײן יחוס איז, פערשטעהט איהר אבער, גרויס,
ער האט געהאט א פײנעם עלטער־זײדען: —
פון בלעמס אייזעל קומט ער דאך ארויס:

דער קעמעל האט א לאנגען, שענעם נארנעל.
דער באק — א גרויע בארד, און דער באראן
א גוטען פוטער און א פעטע קאדרע —
מא איז דען בעסערס וואס פארהאן?...



# דער פרעהליכער קבצן.

(אַ מאָנאָלאָג).

---

אז גאט אויף אונזער וועלטעלע
האט אלץ ארום בעשאפען —
דעם רייכען און דעם ארימען,
דעם שטארקען און דעם שלאפען,

א האז, א העכט, א טייטעלבוים
א קאזאק מיט א פיקע,
א רב, א ציעג, א וויזעלטיער,
א חזן א זאאיקע, —

האט פונ'ם קוואל דעם הייליגען
געבראכט צום בורא־עולם
א מלאך מיין נשמה'לע,
נאך פון דעם גוף דעם גולם

א פרייע, ניט פערקויטיגטע
פון תאוות, יצר־הרע,
און ווי דאס מארגענשטערענדיל
א ליכטיגע, א קלארע,

און פרעגט: — „מיט וואס ביזפֿעהלסט דו מיר
די מפה־סרותה בענטשען?
עס זענען אויף דער וועלט שוין דא
פֿון כל המינים מענשען —

אי פּרוסטע, אי חוזר־ניקעס,
דאקטוירים אי רבנים,
גלאט מענשען, מענשען אידעלע
נגידים אי קבצנים.

מא וואס זאל זיין דאס מענשעלע?
נ״ב, נאמען׳ז, כיר שכלי...
— „א קבצן, — האט דער איבערשטער
געענטפֿערט מיט א שמייכעל, —

א קבצן, נאר א פֿרעהליכער!
זאל זיין מיט אלץ צופֿריעדען,
און דאס איז דאך, פֿערשטעהסטו מיך,
א זעלטענעס ביי יודען...

און אט־א בין איך, ברידערליך!
בעקוקט מיך דא און גאנצען:
פֿריש, פֿרעהליך, פֿריי און לעבעדיג:
שפּיעלט, כלי־זמר — געה איך טאנצען!

וואס איז די שמחה — פרעגט איהר מיך?
למשל, נעהמט מיין דירה:
א נעסטעלע, א וויעגעלע,
עס איז צו זינגען שירה.

די גבירים אין די פאלאצען —
א מאדע היינט געווארען,
נעה, ווייס איך, קריך, קאראבקע זיך
אין דריטען, פיערטען גארען.

וואס טויגען מיר דער מירמעלשטיין,
דאס שפיגלען־זיך און גלאנצען —
מען בלייבט אהן פיס! ניין, אט ביי מיר
פינף טרעפלעך גאר אין גאנצען,

און גלייך אראב, פערשטעהט איהר מיך,
אין קעלער־שטאק, — א חיות! —
מען שטעלט א פוס — אי נאס, אי גלאט,
עס גליטשט אראב אהן שהיות!...

די גבירים, כ'ווייס, מען דאקטארט זיך,
מען היט זיך, מען האט מורא
פאר היץ, פאר קעלט, עס גיסט זיך אוים
אויף זיי א מרה שחורה.

מען לעקט, מען טאפט צו אריסזוכען
א תרופה אין די ביכער
ראט לעבען צו פערלענגערען.
איך, ראנקער־נאט, בין זיכער –

א יונגער שטארבען קאן איך נים,
וויל נאך אין יענע יאהרען.
וואס יונגער חפט מען, בין איך שוין
אי אלט, אי גרוי געווארען...

הייגט נעקומט, למשל, עסענווארג, –
ווארטומליך, קנישעס, מארטען,
געבראטענעס, קעזליך, וועטעליך
אין ציטעס כל הסארטען. –

נגידים וועגען אריסטראכטער,
ס'איז פשוט א ליצנות,
ווין שטה האט זיך יעדערער,
מען עסט מיט גרוים הכנות.

וועד פליישינס און ווער מילכיגס נאר,
דער – קרעפליך, יענער – פראקעס.
איך, דאנקען גאט, בין פארטיוע –
איך עס כל ימי סכות!...

דאס נעמליכע ביי אונזערע
נגידים ווענען בגדים:
מען פוצט זיך און מען מאדעט זיך —
א פאדים צו א פאדים.

מען היט זיך, ס'זאל א ווינטעלע
א בלאז ניט טהון חלילה
אפילו אין א זומער־נאכט,
א ווארימע, א שטילע.

דאך נייהט מען אויף יום־טובים נאר
א בגד'ל א נייעם;
אזוי איז פון פארצייטען שוין
דער מנהג דא עד־היום.

עט, נארישקייט, א יונגעלע,
א קדיש האב איך (איינער
און מיידלעך זעקס) אנ'עופעלע,
אין גאנצען הויט און ביינער;

איז מיינט איהר וואס? אוי־אוי, אבי
לאנג לעבען זאל דער טאטע! —
ער לעגט איהם יעדען דאנערשטאג
א נייע, פרישע לאטע!...

פון וואגנס נעכטיגע זיך, פרענט אידר כיך
די קראפפ און מיינע גליעדער.
די פרישקייט און די פרעהליכקייט!
פון מיל, ליעבע ברידער!

או נאט נים מיל, האבען נים
קיין שלימה דיינע שונאים...
אידר ווערט איך מיר די גייאנקע,
די פרישינקע סמנים!

צוהאקט א ליפ, צופלאצט די נאז,
א פנים — א קארטינקע...
דערפאר צובראכען, דאנקען גאט,
איין האנד נאר — און די לינקע!!...



# צוויי אסיפות.

## א.

די רבנים זיצען,
די רבנים קלערען,
וואס זאל מיטן ליעבען
פאלק ישראל ווערען?

די אסיפה זייערע
מאכט א גרויסען רושם —
סטייטש, די גרויסע פאסטוכער
פון די צאן־קדושים:

פון פאלטאווא, קאוונא,
גשן, יורָההֵדַעְוָוקע,
תוכחהזוקע, זלידיניוזקע,
שחינ׳עווקע, צפרדעוזקע;

אלץ „מאורים גדולים״,
ס׳איז א פראכט, א מורא;
אח, אויף יעדער יארמעלקע
שיינט דער כתר־תורה!..

די רבנים װיצען.
די רבנים קלערען,
װאס זאל מ׳מען ליעבען
פאלק ישראל װערען ?

די רבנים קלערען
און פאר גרויס רחמנות
איפען פאלק־ישראל
מאכען זיי תקנות :

— באשר, װי מיר װייסען,
אז דער גאנצער גלות
מיט די אלע גזרות,
מיט די אלע קללות.

רשעות און בלבולים,
שנאה, צרות, מכות
קומט ארויס דורך יענע
שקצים און טרפניאקעס

װעלכע זענען פלוצים,
און די לעצטע יאהרען,
כזיים, פון װאס, פון װאנעט,
נעט און פרום געװארען...

„לכן דארף מען עפּים
טהון דערצו וואס גיכער. —
און כּדי אויף ווייטער
רוהיג זיין און זיכער,

„זיי מיט אלע זייערע
קרובים און חברים,
ווייבער, קינדער — ווארפען
מיר אריין אין חרם!!!“

די רבּנים ארבּייטען,
די רבּנים אקערען...
שופרות בּלאזען, שווארצע
ליכט בּיי'ם עמוד פלאקערען...

און דאנאסלעך פליהען,
שיטען זיך פון דארטען
לעבּעדיג ווי פויגעלעך
זומער־צייט אין גארטען;

און פון אלע זיבּען
הימלען שרייט מען: „בּראווא!
לעבּען זאל הקטן
עקיבא מפאלטאווא!“...

## ב.

די „טרפניאקעס" ווייצן,
די „טרפניאקעס" קליערס.
וואס זאל מיטן ליעבען
פאלק־ישראל ווערען?

און די עריי־מקלם —
גשן, יורהרעיזוקע,
תוכתהזוקע, זלידינזוקע,
שחינעזוקע, צפרדעזוקע

זענען שוין פאר הונגער
אלע מייז אנטלאפען;
אויס, א סוף, ניטא שוין
דארט אויף וואס צו האפען;

ווי א רויך צונאנגען,
מיסט פון אלץ געווארען;
ווייטער ווארטען קאן מען נים...
הייסט עס, דארף מען „פארען".

פארען דארף מען, אבער
ווי אזוי אנשרך?
אויף א שקל רייטענדיג
איז א לאנגער דרך...

און וואוהין, למשל?
נאר אין פאלעסטינא,
אדער ערגעץ אנדערש־וואו
זוכען א מדינה?

אפשר ביי דעם לעבערס,
וואו, בעדעקט מיט שנייען,
אלכסנדר מוקדן'ס
הריי־חשך שטעהען?

אפשר צו די גלעזערנע
בערג זיך לאזען וואנדלען,
וואו עס וואקסען צוקערקעס,
ראזינקעס און מאנדלען.

וואו אין שבט אפילו
איז דער פראסט ניט שולט,
און דער בוים־לבנה
בליהט ביז צו דעם מולד...

די „טרפניאקעס“ זיצען,
די „טרפניאקעס“ קלערען,
קראצען זיך אין נאקען,
רייבען זיך דעם שטערען.

שוויצן נעבעך, מיהעריוך,
נאָם איז ווייער עדות;
חי א האנגעל שטעריוך
רעפעראמען, רעדעס,

סמעטען מיט אמשאמען
כל המיני סארטען,
און זיי מאכען סוף כל סוף
א תקנה דארטען:

אין א יאָהר אין צוויי אַרום
פאר די אלע זאכען
נאָך אמאָל איה"ש
אנ'אסיפה מאכען!...



# א חלום.

מיר האט זיך גע׳חלומ׳ט: דער מלאך צושפרייט
די ווייכע, די שניי־ווייסע פליעגעל...
איך האפ מיך ארויף און איך פליה... ווייט און ברייט
און ליכטיג און ריין ווי א שפיעגעל
צוגיסט זיך די פרישע און ווארימע לופט...
עס שמעקט ווי פון רויזען א ריח...
און זינגענדיג הערט זיך א בת־קול, זי רופט:
„וואס זעהסטו, בן־אדם?״ — וואס זעה איך?
געלויבט זאלסט דו זיין, דו אלמאכטיגער גאט!
איך זעה א גן־עדן א ריינעם —
א גרויסע, א גליקליכע יודישע שטאדט, —
אי פרום, אי געבילדעט אינאיינעם:
דער מורה־הוראה קוועטשט פלייסיג די באנק
און שלינגט טאג און נאכט יורה־דעה;
א מורה־הוראה א צאצקע... שוין לאנג
פערגעסען א צורת מטבע.

איהר פרעגט: „וואס איז שייך? א למדן... נאר פארט־?...
ווי זאל איך דאס ריכטיג אייך מאהלען?
א יאהר שיין און קהל, זאל לעבען, האט דארט
איהם אויפגעהערט שבירות צו צאהלען...
א שטאדט א געבענטשטע! און שהל זינגט א באר
אויף ברוטס איף דער זיבענטער נאס ער...
א רב א קאוזאנער א גדול־הדור –
און עברי־טייטש קלאר ווי א וואסער! –
פון צאינה־וראינה די אמת'ע שפראך!...
אַיָא, נאר א מופת? א זעלטענע זאך?
נאר וואס איז דער חידוש? נאך אידער
ראבינער צו ווערען – ווי ביטער און שווער
עס איז ניט געווען – האט געלערענט זיך ער
צוויי יאהר און א מיידעלשען חדר...
א שטאדט א געבענטשטע מיט לעבען און גליק –
א נארטען א פרישער און שענער!
אויפן מארק שטעהט א קהל'שע צוקער־פאבריק
פאר יענע פערטריקענטע ביינער,
מיט וועלכע עס האדשוועט ארימע לייט
די ליעבע קאראבקע: קיט, יודעלעך, קיט,
און שלינגט מיט א ליכטיגען פנים.

צושטעכט זיך דעם גומען, צוברעכט זיך די צייהן,
פערדארט ווערט אליין ווי א טרוקענער ביין —
אויף שכירות דעם רב דעם קאזיאנעם!...



איך פליה און איך שוועב... מיט א גאלדענער פאהן
טהוט געהן די לבנה הקפות...
א חסיד'ל טאנצען א ציעג מיט א האהן...
קאנאריקלעך זינגען „מה יפית“:
„— מה יפית, מה יפית!... א גאלדענע שיין
גלאנצט־אב פון דער שטאדט, פונ'ם קהל...
מה־יפית! — אי, האסטו, געזונד זאלסטו זיין,
א פנים אצונד, פאלק ישראל!“...



# גאט אין אדעס.

(סקיצע).

---

צוריק נישט מעהר ווי דריי־פיער מעת־לעת
איז גאט געקומען קיין אדעס
(געוועהנליך, אנטמערזיענגס).
„אז כ׳בין שוין דא — האט ער געטראכט —
מא לאמיך זעהן, וואס דא מאכט
מיין ביסעל יודיש איינענס׳.

וואו ווערט מען יודעלעך? — אין שוהל.
ער נעהמט אריין — די שוהל איז פול,
עס קאכט, עס ברענט, פלאם־פייער;
הו־הא, א טומעל, א געשריי...
„וואס טהוט זיך דא? ווער זיינען זיי?"
— די „פריידליכע בעניייער׳.

ער לאזט זיך אויף שאלאשנער גאס.
די שוהל, ווי הערינג אין א פאס,
ווי נארבען אין א שייער.

איז אנגעלאדען אהן א ברעג.
„ווער זיינען די״? – טהוט גאט א פרעג.
– אויך „פריעדליכע בענייער״ ׳

נאך אין א שוהל׳כעל, נאך אין צוויי –
און אומעטום אלץ זיי און זיי
און אומעטום פון דאס ניי ער;
אי גרויס, אי קליין, אי יונג, אי אלט,
אין יעדען ווינקעל, יעדען שפאלט
אלץ „פריעדליכע בענייער״.

און אומעטום – רב דוב ברב״ש,
דער גרעסטער דארטיגער בר־נש,
טהוט חי־וקים שרייען;
מאכט א גוואלד, א טאראראם
בכדי דאס פריעדליכע פראגראם
צו טהון „ראספראסטראניאיען״.

אך, שרעקליך מאכט רב דוב ברב״ש
פון אלע „רויטע״ שטויב און אש!
ער פלאקערט ווי א פייער;
ער ווארפט זיך בייסען ווי א שלאנג

און קלינגט און זינגט א ליב־געזאנג
די „פריידליכע בעניי׳ער׳.

– „א סוף צום אומגליק, לייד און פיין –
געזונד און גליקליך זאלען זיין
הערר פראפעסער און גראף הידען!
קלייבט־אים און הוטע די פאר לייט –
ווָם וועלען באלד פון יעדער זייט
גאנץ רוסלאנד א גן־עדן.

„אין דעם גן־עדן וועלען זיין
די טייכען פול מיט ביער און ווין,
די וועלדער מיט מאראנצען;
סוועט יעדער פויער האבען זיי,
טאג־טעגליך טרינקען זיסע מ׳די
און נעמען א פרעהליכעס טאנצען.

„קיין חלוק וועט זיין, ווי אמאל,
נים זיין: א מאטער, א תאתאל,
א פאליאק, א ציגיינער;
ניין, אלע גלייך און אלע פיין, –
דער לעצטער בעטלער וועט זיך זיין

## א בעל־הבית א פיינער...

„אין דעם גן־עדן וועלען אויך
מיר יודען זיצען בּרייט און הויך.
עס וועט פאר אונז אפילו
דארט קיין „טשערטא“ ניט זיין... עס הייסט
ס׳וועט יא זיין... מחמת... דו פערשטעהסט...
עס פאסט ניט לכתחלה

„מבטל זיין די גאנץ און גאר:
מ׳וועט נאר יעדע צוואנציג יאהר
צורוקען די אביסעל“...
— „אזוי? — זאגט גאט — כ׳פערשטעה דעם טעם...
דאס איז, זייט מוחל, א פּראגראם
בבחינת „כשר־פּיסעל“...

„נו, ליעבע יודען, כ׳זעה, צו׳ם גליק,
איהר האט א קאפּ אין פּאליטיק, —
אז וואויל צו אייער טאטען!...
און וואס איז טאקע דא דער נס?
עט, נו, אדעם בּלייבט פּארט אדעם!...
נאר איינס וואלט איך אייך ראטען:

„רב דוב גרב״שן האט אידר שין,
איז פעהלט איך איצט נאך אין פארשין. –
צו פאשען מײנע שעפסען
אין פוסטע פעלד, אין וויסטע וואלד:
נעקומט ווידער־צו אין מאקע באלד,
פאר א ראבינער – קרעפסן!!״...



# דער בעל־רחמים.

(אַ פ אַ ב ע ל).

---

דער פוקס, דער עופות־שוחט (ער איז אייך
געווים בעקאנט נאך פון די אלטע צייטען...)
איז צוגעגאנגען צו אַ טיעפען טייך
און האט דערהערט פון נאהענט און פון ווייטען
אַ ליארעם אַ געשריי —
די פישעלעך ווארפען זיך ארום אין אלע זייטען...
וואס זאל די זאך בעדייטען?
וואס טהוט זיך דארט מיט זיי?
„— שאט, פישעלעך! — זאגט דער פוקס:
שאט, גיט מיר צו פערשטעהן
וואס ציטערט איהר אזוי? וואס איז מיט אייך געשעהן?
עס ברענט דאך ניט אין טייך,
טא וואס־זשע איז אויף אייך
דאס פאר אַ מין בהלה?...

— אָי, פֿוּקסעלע! אוי וועה! —
האָט זיך דערהערט פֿון מיך א גרויס געשריי.
אַ ביטערע יְלָלָה:
הו הערסט דען ניט! אט דארט ניט ווייט
אויף יענער זייט
פֿערוואָרפֿט מען דאך א נעץ, א בריטע, א לאנגע...
אָי וועה! מען וועט אונז אלע פֿאנגען
און מיטען באלד...
אָי וועה! וואס טהוט מען? — גוואלד!

„— יא, וואגט דער פֿיקס מיט גרויס רחמנות:
איהר ביידנע פֿישעליך, זיינט מאקי און סכנות...
יא, יא, איך זעה, איך הער —
די שורימען שוין אהער,
די תאפען שוין, די שטעכען,
די שלאגען, שניידען, ברעכען!
לויפֿט, פֿישעליך, לויפֿט אהער! צו מיר לויפֿט קליין
און גרויס
ארויס פֿון טייך, ארויס!
איך וועל איך ראטעווען, איך האב אויף אייך רחמנות...
לויפֿט, פֿישעליך, לויפֿט!...“

„— ווארט־אוים!" — האט דא א גרויס געשריי
געטהון אנ'אלטער פיש: „מיר זענען אין גרויס סכנות —
פאר אונז טויג אבער גאר ניט דיין רחמנות!

שוין לאנג, ניט איין מאל און ניט צוויי
חאפט אונז דער נעץ פון טייך אויף פרעגלען און אויף קאכען;
נאר דארט, ביי דיר און דא, אין טייך —
איז פארט ניט גלייך.



# אינ׳ם נעסיל.

(געווידמעט צו דעם יודישע נעסיל און די הומאריסטישע וואכענבלאט „דער בעזים")

---

דאס נעסיל קאכט, דאס נעסיל זידט...
וואס איז דאס, ליעבע ברידער?
— ווהייסט? איהר ווייסט דען נים, רב יוד?
„ד ע ר  ב ע ז י ם" נעדט שוין ווידער!
„דער בעזים" נעדט, דער בעזים קוטט,
א מאראאם — עס רוישט, עס ברומט,
עס קאכט ווי אין א קעסיל,
סנעדט תאראאם דאס נעסיל!...

דאס נעסיל, וואו פערשווארצט, פערוויסט,
אויך ליעבען, אויך נחמה,
ליענט יאהרען־לאנג אין שמוץ און מיסט
די יודישע נשמה.

צענעהט פון היטץ און פריהרט פון אייז,
און ווערים, שפינען, וואנצען,
חזירים, כלבים, קעץ און מייז
צעטאָטשען זי אינגאנצען...

שטעהט אויף! שטעהט אויף און קוקט אין הערט,
ליעבהארציגע פארשוינען!
„דער בעזים" וועט נאך יעדענס ווערטה
אייך אלעמען בעלוינען.

---

שטעהט אויף, גאט'ס פרומע סטריאפטשעס,
וואס קריכען מיט די לאפצעס
צו אונז אין הארץ אריין!
שטעהט אויף און הערט זיך איין,
איהר, יארמולקעס, איהר שפיטציגע,
בעל־מוסר'ניקעס היטציגע,
פערדֲבק'עטע, פערהימעלטע,
פערהימעלטע, פערשימעלטע,
נאך פון קדמונים אן!...

שטעהט אויף, איהר, אונזער „פאהן",

איחר פופקעס, גראבע, פעטע,
געפעסטעטע, געגלעטע,
בן־יחידלעך ביי נאט —
פון שהל און ביז דער באר!...

מנדבים, בעלי־צדקה,
די הילף און אונזער נויט —
וואס וואגען צו אַנאָקע
און געבען קיים א לויט
דעם תולה נאכן טויט!...

איחר, קהל׳שע, „פּאָלאָניקעס״,
שתדלנים און זאַקאָניקעס,
וואס קריכען, אונז פון שאדען
צו היטען, דורך דער הינטער־טהיר,
און זענען גרייט אויף אלע פיער
צו מאנצען פארן אָרון!...

„דער בעזים״ נעהמט! שטעהט אויף, שטעהט אויף
פאליטיקער פערברענטע,
וואס פליהען שנעל, ווי בארג־ארויף
א שקאפע און א פענטע!...

שטעהט אויף „אריסטאקראטען“
פערפוצט אין „ווינער שיק“ –
מיט בעל־עגלה־שטיק
בירושה פונ׳ם טאטען!...

איהר דאמען־פאטראנעסען
בעריהמטע, וואס פערגעסען
די קינדער מיט׳ן מאן,
און זענען גרייט אינגאנצען
מיט לייב און זעעל – צו טאנצען
צוליעב דעם ארעמאן!...

איהר דראמאטורגלעך נייע,
פון פארם און אינהאלט פרייע,
וואס האלטען, אז דורכאויס
האט גאט בעשאפען דראמען,
דאס פובליקום, אי גרויס
אי קליין אויף טויט צו סמ׳ען!...

דו, וועמעס ליעד איז צוקער־זיס,
משורר׳ל מאדערנער;
וואס מאלט א ציעג אויף זיבען פיס

א אתרימשקע מיט הערנער!...

שטעדט אויף! שטעדט אויף און קוקט און הערט,
ליעבהארצינע פארשיינען!
דער בעזיסי וועט נאך יעדענס ווערטה
איך אלעמען בעלוינען.

ער נעדט, ווי פונקען שפריצען
און ברענען זיינע וויטצען,
זיין שטייכעל שטעכט און ברידט,
פאר שווארצע קעץ און קאָטערס
און גרינע פיפערנאטערס
קיין מורא האט ער ניט;
בעשיטצען און פערדעקען
ווערט אידם דער שארפער וויטץ, —
א שטעקען האט צוויי עקען,
א נאדעל — נור איין שפיטץ...

---

שטעדט אויף אויך איהר, געפלאנטע,
פעריאמערטע, פערקלאנטע,
פערקלעמטע ביזן טויט

פון טרוקען שטיקעל ברויט!
שטעהט אויף, בויגט אויס דעם רוקען גלייך!
ס'איז ביטער, שלעכט — און פארט
ביי'ם „בעזים" איז פארהאן פאר אייך,
א גוט און ווארעם ווארט,
א שמייכעלע, א וויטצעלע, —
א ברעקעלע, א פיטצעלע
פון טרייסט און ליכט און פרייד...
שטעהט אויף „דער בעזים" גערט!...



# מיטן אלטען נגון.

I.

און צפרדעזוקען (א שטענדטיל
נעבען נ״התפת).
מנחה־צײם. שין אויף די שטאנגען
ויצען דארט די עקפות:
אריסגעמאלקען ביז א טראפען
האם מען שין די צינגען,
און דאס אלטע קלוגע ליעדעל
הערט זיך ביי די וויעגען:
— שלאף, מין קדיש, מין נחמה!
דו וועסט לערנען תורה:
אונזער תורה, קרוין דו מיינע,
איז די בעסטע סחורה.
נאט חעט העלפען, נאט וועט וריזען
אונז א נס, א מופת:
אויף די דארעקוארע דערנער

וועלען וואקסען נים, אתרוגים,
מאנדלען און מאראנצען...
אז דער טאטע שלאנט די מאמע
נעהען די קינדער טאנצען״...
שטיל געוועזען איז דער אווענד
מיט׳ן זיסען דרימעל;
שרעקליך איז די נאכט געווארען:
אויפ׳ן קאלטען הימעל
ניט קיין שטערען לייכטען, שיינען, –
וואלפען־אויגען בליצען,
פון די שווארצע שווערע חמארעס
גיהנום־פונקען שפריצען...
אין דער פינסטערניש, מיט בייזע,
טייוועלשע העויות
לויפען – ווער? מיט שכל מענשען,
אדער ווילדע חיות?
לויפען, ליארימען און פייפען,
טהיר און טויער ברעכען,
פרויען פייניגען זיי, קינדער,
זקנים שלאגען, שטעכען...

שרײַען פּריטשטשען, קריטשענס פאַלען...
חיטע פּלאַטען גלאַנצען...
או דער מאַמע שלאָגט די מאַמע
נעבן די קינדער טאַנצען!...

---

II.

גוואַלד, וואָס טוט מען? יונגע־לײַטלעך
האַלטען – סקאַן נישט טרינען.
קאָן נישט העלפען איצט דעם רבּי׳ס
אַלטער פײַלענבּרינגען...
אַך, די ווײַסען און די פּידלען:
פון חמעלניצקי׳ס מכּות
און פון האַנטען׳ס קלאַפּ בײַם יודען
שטעהען נאָך סיניאַקעס...
נײַן, נעמט, נעמט דעם יודען,
ווי די מײַז, און שפּאַלטען.
אויף די בּרידערס, און די קעלערס
קריכען זיך בּעהאַלטען!
אוי, נעמט און שאַנד געוואַלגערט
און מיט שמוץ געמישט אידם...

און אויב שטארבען דארף מען – תמות
נפשי עם פלשתים!...

---

אונזער קלוגער שתדלן אבער
זאגט, אז שטייף זיך האלטען
דארף מען אייביג אין דעם מנהג
אבות, אין דעם אלטען:
היינו – געהן און בעטען רחמים,
בעטען, אז די שׂרים
זאלען היטען אונז מיט זייער
אויסגעשטרעקטען ארעם.
פאדאם־דא־נאג*) מיט א מתנת
יד – ביי אלע יידען
איז געווען די בעסטע תרופה
נאך ביי אונזער זיידען...
אט נאר וואס געדענקען אייביג
דארפען מיר אינגאנצען.
ווען דער טאטע שלאגט די מאמע
און די קינדער טאנצען...

---

*) מיר פאלען צו די פיס.

והראיה? וואס האט הרוב
דא גענומען דאס פייער?
הייזלעך, קרעמלעך, וועלכע זענען
ווערמע אגאלמען דרייער:
וערטישע אבער, ביי רב קמצא —
ביי דעם נגיד פון שטעדטעל —
איז נים אנגעריהרט אפילו
נים אנאיינציג ברעטל...
און בשעת יודען האבען
שאנד און פיין גענאסען
און עס האט זיך פריי ווי וואסער
יודיש בלוט געגאסען,
איז זיין תבשיטל געזעסען
ביי די שרפה־פלאמען
און געהורט און געטרייטזיך
רוהיג צום עקזאמען...
און רב קמצא וועט ביי קהל
ווידער ברייט זיין דעה
זאגען, קלינגענדיג ווי פריהער
שטאלץ מיט דער מטבע...
די מטריץ? היט אידם בעסער

פון די שטארקסטע שאנצען,
ווען דער טאטע שלאגט די מאמע
און די קינדער טאנצען...

III.

די מטבע... אט פון וואס נאר
האט דעם גביר געגאלטען...
די מטבע, די מטבע —
זיין זאל זי פערשאלטען!
און פערשאלטען זאל זיין אויף אייביג
דאס שתדלנות ווערען,
וואס מישט־אוים מיט שמוץ און חרפה
אונזער בלוט און טרעהרען...
„לעבען, עהרע, ליכט און פרייהייט!"
זאל דער אויסרוף ווערען;
און אויב שטארבען פון די רוצחים'ס
הענד וועט גאט בעשערען,
הויך און שטארק ווי „שמע ישראל"
זאל ביי אלע פאלען
„תמות נפשי עם פלשתים!"
דונערען און שאלען

און דערשטיקטן אונזער אלטעס
ליעדעל ביי די וויעגען
מיטן שענדליכען, פערהאסטען,
אלטען שקלאפען-נגון!!...



# צוויי בילדער.

Neue Zeiten — neue Vögel,
Neue Vögel — Neue Lieder.

I.

איהר געדענקט די אלטע זאגע,
ווי אמאל, אמאל פארצייטען,
פלעגען מיר דעם טאג פארברייגען,
וועלכער הייסט ביי אונז „יום־כפור“?

אין די גערטנער פון יריחו,
אין די גרינע פאלמען־גערטנער,
קלינגען הארפען און טראמפעטען,
שאלען זיסע, יונגע שטימען;

זיסע פרויען־שטימען קלינגען
און זיי פליעסען העל און פרעהליך,
ווי א קלאנג פון זילבער־גלעקער
אויף די פרישע בלומען־שטאקען:

„— קומט אהער, אהער, בחורים!
קלינגען יענע ליעבע שטימען:
קוקט, דא וועגען אלע שענסטע,
פיינסטע טעכטער פון יהודה.

„ווי די פאלמען, הויך געוואקסען,
פריש און דופטענד ווי די רויזען
אלע שענסטע, אלע ליעבסטע,
פיינסטע טעכטער פון יהודה!

„קומט אהער, אהער, בחורים!
קלייבט איך, קלייבט איך כלהס... אבער
קוקט נים נאר אויף אונזער יונענד,
וועהלט נים נאר אליין די שענהיים.

ווייל די יונענד וועט פארבליהען,
און פארגעהן וועט די שענהיים:
בלייבען וועלען גוטע זיטען,
בליהען אייביג וועט די טוגענד.

גוטע זיטען, טיעפע ליעבע,
פיינע, אידעלע געפיהלען —
דאס איז אונזער גרעסטעס רייכטהום,
דאס איז אונזער בעסטע פערטעגען!...“

שוואַרצע לאַקען, ווייסע קליידער,
שווינדלען, פלאַטערען פון ווייטען,
דורך די גרינע פאַלמען־צווייגען,
דורך די פרישע בלומען־שטאַקען,

אַלע גלייך געקליידט — אין גלאַטע,
ווייסע קליידער. לויט דעם מנהג,
פלעגען דאַמאָלס זיי די קליידער
באַרגען איינע ביי דער צווייטער:

ס'זאָל ניט זיין, ניט רייך, ניט אָרים,
ניט קיין גדלות, ניט קיין בושה...
אַלטע צייטען — אַלטע בילדער,
אַך, זיי זענען שוין פערגאַנגען!...

II.

נייע צייטען — נייע מענשען,
נייע מענשען — נייע בילדער:
העל און ליכטיג איז דער גרויסער
שעהנער טאַנץ־זאַל אין „סאַבראַניע“.

אין דעם גרויסן, שענעם מאָנטרעאל
זאמלען זיך צונויף צום „אבענד״
אלע שענסטע, אלע בעסטע,
פיינסטע טעכטער פון יריחו;

אלע פיינסטע, אלע בעסטע,
שענסטע טעכטער פון יריחו,
פון יריחו און פון חברון,
פון בערדיטשעוו און פון קאוונא:

פריילין מאריא פיסאתאוריטש,
נאסטיא קאפראן, פראסיא לעך,
און די שענע איזאבעלע,
איזאבעלע לאקשען־ציטעם.

אלע וועגען די געקליידעם
נאך דער לעצטער, שענסטער מאָדע
און די זינגען נאר אנ׳אנדערש,
נאר אנ׳אנדערש, נייעם ליעדעל:

„קומט אהער, אהער חתנים! —
זינגען מאריא, נאסטיא, פראסיא,
און די קליינע איזאבעלע,
איזאבעלע לאקשען־ציטעם:

„קומט אהער, אהער, דאקטוירים,
אינזשינערען, אדוואקאטען,
מיט נאשיווקעס, מיט קאקארדעס
מיט דיפלאמען, אטעסטאטען;

„נעהמט אונז, גוואלד, אוי, האט רחמנות,
נעהמט אונז, חאפּט אונז!... אך, מיר אלע
זענען גרייט מיט אייך צו לויפען
אין גן־עדן און אין גיהנום...

נעהמט אונז, חאפּט, הילט־איין, פּערוויקעלט
אונז אין זייד, אין סאמעט, אטלאס,
קויפט אונז לאזשען אין טעהאטער,
פיהרט אויף בעלער, מאסקאראדען,

„אונזער הוט זאל זיין א גאנצע
סקירדע בלומען –, שיינען בליצען;
גאנצע גענז און גאנצע העהנער,
זאלען דארט פון אויבען זיצען.

אונזער קלייד זאל זיין פון אלע,
אלע קליידער שעהנער, בעסער;
אונזער שלעפּ – פון אלע לענגער,
דער טורניור – פון אלע גרעסער, –

אונזער אנצוג, אונזער צירונג
וואלט גלאנצען ווי די שטערן –
אלע אונזערע בעקאנטע
וואלטען א כפרה ווערען!...

און זי ווייטער, און זי ווייטער,
זינגט דאס לידעל, ליעבע ברידער!
נייע צייטען – נייע מענשען,
נייע מענשען – נייע לידער.

נייע נעמען, נייע הערצער,
ניים און ניים פון אלע זייטען.
איינס נאר איז ביי אונז געבליבען
פון דעם מנהג פון פארצייטען.

איינס, א קליינינקייט: די קליידער,
ליעבע פריינד, די פיינע קליידער
מיט דער צירונג, מיט די בלומען
זיינען אפט... איך בארג געטמען!!!...



# דער ספּאָדעק.

(אַ ליעדעל)

---

„לאמיר בעהאלטען
אַ ספּאָדעק אַנ'אַלטען
בחדרי חדרים אויף לאַנג,
ס'זאָל אונזערע טעכטער
ניט זיין צום געלעכטער
דער כּשר'ער יודישער גאַנג"...
(אַ אַלט פאָלקס־ליעדעל).

---

מיצלעך, פּאַנטאָפעל מיט ווייסינקע זעקעליך,
בּעקעשעס לאַנג בּיז דער ערד,
פּאות געקרייזעלטע, פּאות צופּלאַטערטע,
לאַנגע צובּאַרשטענע בּערד.

שטריימעליך סויבּלענע, ליעטניקעס, יארמעלקעס,
גאַרטלען פון אַטלעס און זייד...
וואו איז די אַלטע אויף אייבּיג פערגאַנגענע,
ווילדע און נאַרישע צייט?...

יודען אין פראַקען, אין ווייסינקע האַלזטיכלעך...
א בּוּדוּאַר און א זאַל...
יודישע ווייבּער פערפּוּצטע, געקינצעלטע
נאָך דעם פּאַריזער זשורנאַל —

און מיט ריפּלאַמען, מעדאַליען געבילדעטע
נאָר אַנאַגאָטיק יונגעלייט...
וואו איז די אַלטע, אויף איבינג פאַרגאַנגענע,
ווילדע און נאַרישע צייט?...

וואו אָבער ביסטו, דאָס הייסע און ערנסטע,
ליעבענדיגע יודישע הערץ?
וואו איז דער טיפער, מיט טרערען בענאָסענער
אמת׳ער יודישער קרעכץ?

וואו איז אַ ברודער, אַ פּראָסטער, אַלטמאָדישער?
זאָגט מיר בשורות, קלוגע לייט —
וואו איז די אַלטע, די ווילדע, די נאַרישע —
ליעבע און טייערע צייט?



# גבורים.

(א פשט'ל)

---

דער פסוק זאגט:

„א נזיר זיין —
זאל ער די האר ניט שערען. היים איהם
ניט עסען פלייש, ניט טרינקען וויין
און זיך ניט צוריהרען צו מתים".

און דאס איז אלץ, וואס האט א ווערטה
צו זיין א נזיר און א גבור?
טא זענען יודען אויף דער ערד
דורכאויס גבורים... גאט דו ליעבער!

מען עסט קיין פלייש די גאנצע וואך,
וויין טרינקט מען נאר צו ארבע־כוסות,
די פאות וואקסען לאזט מען דאך
פון שלום־זכר ביז צו גוסס...

יא, אמת — ברידער — איינס נאר פעהלט
צו הִלְכַת־נָזִיר: כַּמָּה יאהרען
אז יודען זענען אויף דער וועלט
כמעט ווי מתים שוין געווארען...

# א חדר־מעשה.

I.

זיעבען יאהר איז מיר געווארען —
און די מאמע, זאל געזונד זיין,
האט געזאגט: „נו, צייט אין חדר,
צייט אין חדר געהן, מיין קינד״

אויס, א סוף, געגוג געהוליעט
אויף דער וועלט, ארומגעפלויגען
פריי און גליקליך, ווי א פויגעל,
פריש און פרעהליך ווי דער ווינד;

צייט אין חדר — קדיש מיינער״! —
און אברהם׳יל דער בעהעלפער —
פון די חדר־קאנטאניסטען
דער בעריהמטער קאמאנדיר —

האט מיך איינגעהילט, פערוויקעלט
אין אנאלטען, געלען טלית
(אונזער אלטע אוניפארם,
אונזער יודישער מונדיר)

און אוועק מיט מיר אין חדר.
ס'איז געווען א וואונדער־שעהנער,
פרישער, ליכטיגער פריה־מארגען.
שעהן און ליכטיג, ריין און פריש —

האבען שטראהלען זיך געגאסען
דורכ'ן פענסטעריל אין חדר
און געפונקעלט אויפ'ן רבי'ן,
אויפ'ן סידור, אויפ'ן טיש.

און עס האט זיך אנגעהויבען
דער עקזאמען: „— זאג נאר, בחור,
וואס איז דאס?" — אנ'אלף. „ריכטיג,
דאס?" — א היי. „— און דאס?" -- א תו.

און ביי יעדען אות, פאר יעדען
ענטפער, פאלען מיר פון אויבען
לעקעך, ראזינקעס, קאנפעקטען,
ניס און מאנדלען אהן א סוף.

און דער רבי, רב בנימין
(זאל א ליכטיגען גן־עדן
האבען) זאגט: „דו זעהסט? דאס ווארפען
דיר מלאכים, ליעבעס קינד.

וואלסט מיט חשק לערנען תורה,
לערנען תורה, לערנען חכמה,
און געדענק, מיין קינד, ווער ס'וויל ניט
לערנען, בלייבט איף אייביג בלינד"...

---

## II.

מענ און יאהרען, לאנגע יאהרען
זענען שוין אוועק פון דעמאלט...
איך געדענק דעם רבי'ס ווערטער,
איך געדענק זיי גוט און קלאר:

„לערנען תורה, לערנען חכמה:
בלינד איז דער, וואס וויל ניט לערנען"...
אמת, רבי, אמת: אבער —
ווילדע זאכען קומען־פאר,

שרעקליך־ווילדע, און זיי ברענען,
שטעכען, ענבערען מיין מוח...
איצט, ווען לערנען איז מיין חיות,
לופט און ווארימקייט פאר מיר,

ליכט און קראפּט און טרייסט אין לעבּען.
אין מיין בּיטערן, פערסמ'טען
שקלאווען־לעבּען, — איצט פערשליסט־זיך,
האקט זיך־צו פאר מיר די טהיר,

לעשט זיך־אויס דאס לעצטע לעמפּעל,
און עס הויבּען־אן צו פאלען
אהן א צאהל פון אלע זייטען,
פאלען, שיטען־זיך ווי בּאבּ

שטיינער. שטיינער!... גרויסע, שווערע
שטיינער שיטען־זיך און פאלען
אויף מיין בּרוסט, אין מיינע אויגען,
אויף מיין אלטען, גרויען קאפּ...

און זיי פליהען און זיי פאלען
ווי א האגעל אויף די שוואכע,
גרינע זאנגען, ווי א האגעל
אהן א צאהל און אהן א מאס;..

וואס־זשע איז דאס? וואס בּעטייט עס?
איז דען מעגליך, אז מלאכים
זאלען שטיינער ווארפען?!... רבּי!
רבּי! ווי געשיקט־זיך דאס?...

נאר נישא, נישא קיין ענטפער,
וואלקענס שוועבען איפּן הימעל,
טייכען פליסען, ווינדען רוישען —
און קיין איינציג, איינציג ווארט

הערט־זיך מיר ניט אין דער פינסטער...
אי״, נישא, נישא קיין ענטפער
פון דעם רבי׳ס שטומען קבר,
פון דעם אלטען הייליג ארט!...



